# Z. SEGALOWITCH

A MONOGRAPH

by

CH. S. KAZDAN

Printed in U. S. A. by
KNIGHT PRINTING CORPORATION
382 Lafayette Street, New York, N. Y. 10003

96

דער מחבר פון דער סעגאַלאָוויטש־מאָנאָגראַפיע דאַנקט:

- דעם בוך־קאָמיטעט (פאָרזיצער י. מלאָטעק) פאַר זיינע באַמיאונגען צו פאַרווירקלעכן די אויסגאַבע;
- די חברים וואָס האָבן געהאָלפן פינאַנציעל: י. ראָטנבערג, ט. מייזיל, מ. לאָקעטש (בראַזיל), נ. וויניק (יאָהאַנעסבורג);
- די חברים וואָס האָבן געשאַפן די נויטיקע דרוק־מאַטעריאַלן און פאָטאָגראַפיעס (י. גוטקאָוויטש, דינה אַבראַמאָוויטש, רחל ראַוויטש, ה. קעמ־פינסקי);
- דעם ח׳ ה. קופּערשטיין פאַר אַכטונג געבן אַז דער זאַץ, דרוק און איינבונד זאָלן זיין שיין און צוגעפּאַסט;
- די פריינד מ. קנאַפּהייס און מאַרק טורקאָוו פאַר דער סעגאַלאָוויטש־קאָרעספּאָנדענץ.
- דער ח׳טע גיטל ראַק פאַר מיטאַרבעט.

די גאַנצע הכנסה פונעם בוך געהערט דעם קאָאָרדינירקאָמיטעט פון בונד.

# פּאָרטרעט און אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק

ז. סעגאַלאָוויטש איז געווען אַ גרויסע ליטעראַרישע דערשיינונג, צו וועלכער עס זיינען געווען צוגעשמידט הונ־דערטער טויזנטער יידישע אויגן, יידישע הערצער. די וואַר־שעווער יידישע ביבליאָטעקן האָבן יעדע פאָר יאָר פאַר־עפנטלעכט זייער סטאַטיסטיק און שטענדיק איז ז. סעגאַ־לאָוויטש געווען, אויב ניט דער ערשטער, איז לפחות איינער פון די סאַמע ערשטע שרייבערס, וואָס ווערן געלייענט דורך דער גרעסטער צאָל לייענערס. אויף דער פּראָווינץ איז די דאָזיקע אָנהענגערשאַפט פון ז. סעגאַלאָוויטש געווען נאָך שטאַרקער, נאָך פאַרשפּרייטער.

דאָס איז געווען דער ענטפער פון דעם יידישן אַרבעטס־מענטש און פון זיין יוגנט — אויף דער שאַפונג פון יענעם דיכטער, וואָס האָט מיט טויזנטער פעדעם זיך פאַרוועבט אינעם לעבן און אין די איבערלעבונגען פון דער פּויליש־יידישער פאָלקס־מאַסע. דאָס האָבן די וועבערס טעכטער, די מולאַרעס, די יוכוויצעס, די נאַאיוו הייליקע זשאַמעס — זייערע הערצער געשאָנקען דעם באַליבטן פאָלקס־שרייבער. און מיט פולער רעכט זאָגט ז. סעגאַלאָוויטש וועגן זיך, אַז ער „האָט אַ דור אויסגעזונגען". פּוילן איז געווען זיין גרוי־סע הייסע ליבע, וואָס איז ניט אויסגעלאָשן געוואָרן ביז זיין לעצטן אָטעם. ביאַליסטאָק, לאָדזש, וואַרשע און קאַזמיעזש האָבן אים פאַרכישופט און אָנגעפילט מיט יידישע ניגונים און פאַרבן, מיט יידישע העלדן.

איינגעזאַפּט האָט ער די פינקלדיקע „יידישע בליקן, די שפּראַך, דאָס געשריי און די שפּאַסן". מיט יעדן איז ער געווען „אַ מחותן, און אַלע צו מיר מחותנים". אין לעבן

געווען אַ שווייגער, שטענדיק איינזאַם, אָנגעכמורעט; דאָך האָט ער זיך דערוואָרבן אַזוי פיל פּאָפּולאַריטעט און ליבשאַפט צווישן די גרויסע מאַסן לייענערס.

די ראָמאַנען און נאָוועלן וועלכע ער האָט אין די צענדליקער געשריבן; דאָס ליד וואָס ער האָט געזונגען — איז געווען אוממיטלבאַר, אויפריכטיק, אָפט סענטימענטאַל אָבער ניט געקינסטלט. די טעמאַטיק פון זיין פּראָזע איז געווען פּשוט, מענטשיש, אַרויסגעבראַכט פון לעבן ממש. מיט אויפריכטיקן און יוגנטלעך־הייסן טעמפּעראַמענט, מיט אָפּנהאַרציקער ראָמאַנטישקייט האָט ער זיינע ביכער, זיינע לידער און נאָוועלן געשפּונען. אַ קינד פון דער תקופה פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, אָנגעהויבן ווי אַ בונדישער יאַט — איז ער פאַרבליבן אין זיין ליטעראַרישער שאַפונג יונג, טעמפּעראַמענטפול, פאָלקסטימלעך, היימיש. זיין ריטם איז געווען לייכט און קלינגעוודיק, זיינע שטימונגען — גרויס־שטאָטיש, וועלטלעך־פאָלקיש, זיינע פאַרבן און טענער דאַאיק, זיין גלויבן אינעם אַרומיקן יידישן לעבן נאַטירלעך, זיין ליבע און געטריישאַפט צו דער יידישער שפּראַך — ריטערלעך און אויסגעהאַלטן.

אַ הויכע אָריגינעלע פיגור, „אָרדינערע" — ווען איר באַגעגנט אים אין גאַס, כאַטש איר ווייסט ניט ווער דאָס איז, קוקט איר זיך אום, שטעלט זיך אָפּ אויף אַ מינוט. ער טראָגט דעם קאָפּ מיט שטאָלץ, זעלבסטווירדע. שטענדיק מיט דער ליולקע־פייקע אין מויל — דאָס גיט אים צו נאָך מער שטאָלטקייט, העכערקייט. אַ פינקלדיק, דורכדרינגענדיק אויג, אַ דין שמייכעלע אויף די ליפּן, שטענדיק אָנגעטאָן עלעגאַנט און געשמאַק, — עס דוכט זיך ער טוישט יעדן טאָג אַן אַנדער אַנצוג; אין דער אמתן האָט ער נאָר דעם קראַוואַט געטוישט. כלומרשט אַן איינזאַמער, שטענדיק ברוגזער אויף דער גאַנצער וועלט, איז ער באמת געווען אַ פריינדלעכער און דער ערשטער געווען צוצוטראָגן אַ נויטבאַדערפטיקן זיין טייל הילף. אין איינער פון די געלטקאַמפּיינס פון דער צישאָ־אָפּטיילונג אין ווארשע האָט ער

צוגעשיקט זיין ביישטייער: די גאָלדענע פעדער וואָס ער האָט באַקומען ביי אַ יובילײ־פייערונג פון זיין געבוירנטאָג, אָדער פון זיין ליטעראַרישן שאַפן. אַ דורכאויס עגאָצענטרי־שער, — איז ער געווען קאַפּאַבל זיך אָנצינדן און פּאַרטיי־דיקן די יידישע ליטעראַטור, איר פּאָעזיע, איר פּראָזע. ער איז שטענדיק גרייט געווען צו געניסן פון לעבן, פון דער נאַטור, פון קלענסטן קווייטל.

איז ער איינזאַם אָדער ער וויל אַז מע זאָל אים אַזוי באַהאַנדלען ווי אַן איינזאַמען? פון וואַנען זיין איינזאַמקייט? טראָגט ער זיך אַרום מיט אַן איינזאַמער אידייע, וואָס האָט זיך נאָר צו אים אַנטפּלעקט? ווייסט ער אַז די „גאַס", די צייטונג וועט עס ניט אָננעמען, ווייל עס איז קיין סחורה ניט, — איז דערפון זיין איינזאַמקייט? ניין, ער איז גאָר באמת אַ מעורב בין הבריות, ער האָט ליב די נאַלעווקעס, אים אַרט ניט דווקא די אינטעליגענץ, ער פאַרשטעלט זיך ניט, ער וויל ניט זיין קיין פּאַיאַץ וואָס גייט כלומרשט אויף אַ שטריק.

גענוג צו ברענגען צוויי שורות פון זיין ליד „אויף צו ליבן דער וועלט":

אויף צו ליבן דער וועלט, דאַרף מען גאָרניט פאַרלאַנגען פון וועלט,
דער וואָס קען בעסער שווייגן — אָט דער איז דער אמתער העלד.

זאָגן ניט די צוויי שורות דעם ענטפער אויף דער פראַ־גע — וואָס און פון וואַנען ז. סעגאַלאָוויטשעס איינזאַמקייט?

ז. סעגאַלאָוויטש איז קודם־כל פּאָעט, ער איז פאַר־כאַפּט, פאַרכישופט פון קלאַנג, מעלאָדיע, נאַטור־און־בלומען־געזאַנג. דאָס בעסטע וואָס אין זיין פּראָזע, איז אויך פון דעם פּאָעט, פון זיין ריטעם און אָטעם, פון זיין איינגע־בוירענער עסטעטישקייט און געפיל פאַר שיינקייט.

דערביי איז זיין גאַנצער וועזן, זיין גאַנצע שאַפונג דורכגעוועבט מיט יידישן ריטעם, מיט פאָלקס־חכמה.

„מיין יידיש איז פון יידישקייט, פון פאָלק, פון פּראַצע־לייט, פון וועבערס, וועלכע וועבן טליתים אויס פון זייד, /

פון בשמים־קליט, פון שניט־געוועלב, אין וואלד־מסחר. פּאַ־ראָן — אַ הייליקע ניט־הייליקייט וואָס קריכט ניט אויבן־אָן". אָט דאָס איז ז. סעגאַלאָוויטש.

„איינזאַמער" — מיינט איזאָלירטער, פון דער סביבה, פון פריינד. סעגאַלאָוויטש איז ניט קיין איינזאַמער, נאָר אַ שווייגער, קאָנצענטרירט אויף זיינע אידעען וואָס ער ווייטיקט אוים שטילערהייט, אין זיך. וואָלט ער געווען באמת אַן „איינזאַמער", וואָלט ער ניט געקענט זיין במשך פון לאַנגע יאָרן דער פּאָרזיצער פון יידישן ליטעראַטן־פאַראיין און נאָענטסטער מיטאַרבעטער מיטן סעקרעטאַר פון פאַראיין, מ. ראַוויטש. און ער האָט דאָך באמת געטראָגן די זאָרג פאַרן גורל פון ליטעראַטן־פאַראיין אויף זיינע פּלייצעס. ער האָט געקענט יעדן מיטגליד פון פאַראיין. אים איז דאָ געווען טייער יעדער ווינקל און יעדער טישל. ער איז געווען אַ ווירדיקער רעפּרעזענטאַנט פון פאַראיין און זיין מיטגלידערשאַפט, קיינער האָט דאָ ניט געליטן פון זיינע איינזאַמקייטן.

ער האָט ביטער פּאָלעמיזירט מיט זיינע קריטיקערס און ער האָט כאַראַקטעריזירט זיינע שטימונגען:

„איך האָב מיין באַפליגלטן טרויער, מיין צער, מיין גאָט
און מיין זינד,
און דו האָסט אַ טינטער מיט טינט...
איך האָב מיין ברונעם — מיין נשמה
טיף צי פלאַכער — איר האָט גאָרנישט, —
זאָל איך שטאָלץ זיין פון נקמה?
ניין, מען דאַרף ניט און מען טאָר ניט".

## צו סעגאַלאָוויטשעס ביאָגראַפיע

**(26סטער פעברואַר 1884 — 19טער פעברואַר 1949)**

סעגאַלאָוויטש איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן, דערציילט פּסח קאַפּלאַן, אין ביאַליסטאָק, אויף אומיענער גאַס, און זיין טאַטע, דער באַלעבאַטישער סוחר, האָט אים אוודאי ניט געוואַלעוועט קיין רביים. אָבער דער קליינער זלמאַנקע פלעגט זיך אַרויסכאַפּן פון חדר און צוזאַמען מיט אַ קריסטלעכן קליינעם חבר פלעגט ער זיך יאָגן נאָך טויבן און אויף דער לאַנקע רייסן בלומען.

זיין פאָטער, ישראל גימפּל, איז געווען אַ פּעאיקער, אַ קלוגער ייד און אַ וויצלינג. האָט געקענט גוט לערנען, אָבער איז ניט געווען פרום — אין שול געגאַנגען נאָר יום־טוב, און הגם געווען אַ מנגן — אויסגעמיטן דעם עמוד. זיין באַשעפטיקונג איז געווען: וואָל־סוחר. ער האָט אַ געוויסע צייט געדרייט אַ גאָר היפּשע ראָד: אַ גרויסער פאַכמאַן אויף דעם געביט, האָט ער אויפגעקויפט וואָל־שטאָפן, זיי גערייניקט און געוואַשן, געפּאַקט און געשיקט אין פאַבריקן. דאָס געשעפט איז געווען פאַרבונדן מיט ספּעקולירונג און ריזיקע, און דערפאַר טאַקע איז ישראל גימפּלס מאַטעריעלער מצב געווען ניט קיין סטאַבילער: געלעבט מיט דער הילף פון גרויסע הלוואות, אַט געווען רייך — אַט געפאַלן. סוף־כל־סוף האָט ער איינגעזען, אַז ביאַליסטאָק איז פאַר אים אַ צו קליינער מקום, און אין 1906-7 איז ער אַריבערגעפאָרן קיין לאָדזש, און דאָ געפירט די זעלביקע געשעפטן וואָס אין ביאַליסטאָק. געשטאָרבן איז ער — (טאַקע אין לאָדזש) אַרום 1915-16.

שפּעטער האָט דער דיכטער געשריבן:

געווען אַ שטאָט לאָדזש, גרוי, פאַררויכערט,
מיט קנוילן פון בוימוואָל און גאַזן...
מיין טאַטע האָט אויך דאָרט געהאַנדלט
מיט וואָל און מיט וואָס איז געווען...
דערפאַר האָט דער זון אין זיין וואַנדל
געזוכט אין דער גרויקייט פּאַעזיע.

(„דאָרטן", ז. 51)

די מוטער, אייגע (יעווגעניע), האָט געשטאַמט פון די דייטשישע גרענעץ-געביטן, גערעדט דייטש, איז געקומען פון אַ פאַרמעגלעכער פאַמיליע — „דאָ איז מיר מיין מאַמע געוואַקסן אין שטעטל קילבאַרט" (אין ליד „ביים ניעמאַן", „דאָרטן" ז. 138). און וויל זי איז געווען מער „יחוס" האָט טאַקע דעם פאָטערס משפּחה אויף איר געקוקט אַ ביסל קרום. די מוטער איז — לויט דער כאַראַקטעריסטיק פון ז. סעגאַלאָוויטשעס ברודער אהרון (אַרטשיק), וועלכער וואוינט אין די פאַראייניקטע שטאַטן זינט 1907, — געווען אַ דימענט, אַן אידעאַלע פרוי, קיין פליג אויפן וואַנט ניט אָנגערירט; זי איז געווען אינטעליגענט, איבערגעגעבן צו די קינדער. געשטאָרבן איז זי אין 1936, אין עלטער פון 76 יאָר.

עס איז געווען אַ גרויסע משפּחה (13 מיטגלידער) — און אַן אומרואיקע משפּחה. צו איר אַריבערפאָרן קיין לאָדזש האָט, אגב, געשטויסן דער פּאָגראָם, וואָס די משפּחה האָט איבערגעלעבט אין ביאַליסטאָק. פון צייט צו צייט האָט מען אַ קינד אַוועקגעשיקט צום זיידן — דער דערמאָנטער אהרון, למשל, האָט פאַרבראַכט ביים זיידן (דער מוטערס פאָטער) גאַנצע אַכט יאָר. זוסמאַן אַליין האָט אויך פאַרבראַכט אַ שטיק צייט ביים ביאַליסטאָקער זיידן; דאָס אַליץ איז, פאַרשטייט זיך, ניט געווען קיין מעלה צו אינטימקייט, קיין צו פיל דיסציפּלין איז אין הויז ניט געווען... דער עלטערער ברודער צלאל (פּראָטאָטיפּ פון קובא אין

„אייביק איינזאַם") האָט געלערנט אין גימנאַזיע, געוואָרן אַ גוטער בוכהאַלטער, אָבער געווען אַ ביסל אַ צעלאָזענער און אַרויסגערופן אַ סך פאַרביטערונג אין דער משפחה. די קינדער האָט זיך געדוכט: צלאָלן באַהאַנדלט מען בעסער. — אהרון האָט זיך צוביסלעך איינגעאָרדנט אין אַמעריקע און געשיקט אַ שיפסקאַרטע פאַר דער שוועסטער פאַני, געבעטן אויך די עלטערן קומען, אָבער דער פאָטער איז געווען קעגן דעם, הגם אין לאָדזש האָט זיך די משפחה געמאַטערט מאַטעריעל.

זוסמאַן האָט אין ביאַליסטאָק געלערנט אין פּריוואַטע שולן און אין דער היים. אין 1903-4 איז ער צוגעשטאַנען, צוזאַמען מיט אהרונען, צום „בונד", — ביידע זיינען אַרעס־טירט געוואָרן, און זוסמאַן האָט עטלעכע חדשים פאַרבראַכט אין תפיסה. אין דעם טיילווייז אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן „אייביק איינזאַם", פון דער טרילאָגיע „זעליקס יאָרן", כאַ־ראַקטעריזירט זיך (זעליקן) סעגאַלאָוויטש ווי קינד און יוגנטלעכער אַזוי:

„אַ מאָדנע יינגל, אַ שווייגער, קלייבט זיך ניט צו קיין חבר און קוקט שטענדיק אין פענצטער, פונקט ווי אַ פויגל וואָס קוקט אַרויס פון שטייגל... אַ מאָדנע יינגל". און שפּעטער — צו ניינצן יאָר: „זעליק איז אַליין אויך געוואָרן עפּעס אַנדערש, עפּעס אַן עקשן געוואָרן, אַ יינגל אַ טראַכ־טער, אַ פאַרקלערטער אין זיך, מיט אַן אייגענעם אמת און מיט אייגענע צילן" (ז' 50). און נאָך: „אומבאַוואוסטער־הייט האָט זיך ביי אים איינגעבאַקן זיין אמת, זיין ער־לעכקייט, שטענדיק האָט עס אים ביז ווייטיק געקרענקט, בעת ער האָט געזען דעם קעגנזאַץ פון זיין אמתדיקן אמת". (ז' 88).

אָט אַזוי האָט זיך אויסגעפורעמט צוביסלעך די פּער־זאָן און דער כאַראַקטער פון ז. סעגאַלאָוויטש. די קורצע באַרירונג מיט דער בונדישער באַוועגונג און מיט די חברים אַרבעטער האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, און ער האָט זיך צו די דאָזיקע טיפּן אַ סך מאָל אומגע־

קערט אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק. ווי ער דערציילט אין „אייביק איינזאַם", האָט זיין פּאָעטישן טאַלאַנט אַנטפּלעקט יזכוויץ דער מולאַרזש: ער האָט עס אים געשטויסן צו שרייבן, צו דרוקן, ער האָט אים כסדר געמונטערט און געשטאַרקט בעת זיינע קריזיסן, וועלכע האָבן זיך, אַגב, אָנגעהויבן גאָר פרי. די אויבנגעבראַכטע כאַראַקטער־שטריכן פונעם יוגנטלעכן זוסמאַן — זיינען געבליבן אין אים אויף אייביק. ער איז שוין אויף שטענדיק געבליבן — דער „שוויי־גער", דער „פאַרטראַכטער", „געקרענקטער" און „עקשן".

זיין דעבוט אין יידיש איז געווען — אַ ליד אין „פריינד", יולי 1904. ד"ה ווען ער איז שוין אַלט געווען 20 יאָר. אין דעם צווייטן באַנד פון דער טרילאָגיע „זעליקס יאָרן" („דאָס אַנאַרכיסטישע מיידל") דערציילט טאַקע זעליק וועגן זיך, ווען ער איז אַלט געווען 22 יאָר, אַזוי: „דער טאַטע האָט צו אים געטענהט: אָדער וואַרף אַוועק די לידלעך — ווערסטו ווערן אַ מענטש, אָדער בלייב ביי די לידלעך" — און זעליק גיט צו: „דאַכט זיך, אַז איך וועל שוין בלייבן ביי די לידלעך" — (ז' 300). און ער ברענגט זעליקס אַ ליד, וואו מיר טרעפן אַזעלכע שורות:

> אַנדערע האַנדלען מיט געלט און מיט לעבנס,
> אַנדערע קעמפן מיט פאַלש און מיט אמת...
> איך בין נישט מער ווי אַ זינגער,
> איך בין פאַרליבט אין אַ ביסעלע גרינס.

(ז. 302)

אַזוי איז געקומען דאָס זעלבסט־דערקענען — זוסמאַן סעגאַלאָוויטש איז שוין אויפן גאַנצן לעבן פאַרבליבן — „ניט מער ווי אַ זינגער".

אין די יונגע יאָרן האָט זוסמאַן, אמת, געפּרואווט אַר־בעטן אויף פאַרשיידענע שטעלעס, געפּרואווט זיין אַ פּשוט־ער אַרבעטער אויף אַ קאַכל־פאַבריק. אָבער זיין אמתן באַ־רוף האָט ער געפונען אין פּאָעזיע. נאָך זיינע פריע אַנטוי־שונגען אין פרויען־ליבעס, קומט זיין אמתע און אויף אייביק

פאַרבליבענע ליבע צו דער נאַטור און איר שיינקייט. ער ווערט באַגייסטערט פון פעלד און לאָנקע, פון וואַלד און טייך, — „און פון יענעם אָוונט האָט ער גענומען שרייבן אַ גרויסע פּאָעמע. יעדן טאָג האָט ער געברענגט נייע קלאַנגען און פאַרבן פון פעלד, און אַלץ איז דאָס פאַרזיגלט געוואָרן אין זיינע ריימען" („אייביק איינזאַם", ז. 303). אָדער ווי ער האָט געשריבן שפּעטער:

...געשריבן פּערזן וועגן בעזן
און וואַכעדיקס געיום־טובט מיט אַ ליד.

(„דאָרטן", ז. 118)

אין 1919 קומט ער צוריק קיין וואַרשע, — און זיין גאַנץ ווייטערדיק לעבן — סיי פּערזענלעך, סיי ליטעראַריש און געזעלשאַפטלעך — פליסט דאָ ביזן סאַמע אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

פון צייט צו צייט באַוויזט זיך זוסמאַן אין לאָדזש, אין קרייז פון זיין פאַמיליע. ער איז איצט דער שטאָלץ פון דער משפּחה. מע רופט אים אַרויס צו העלפן ראַטעווען די שיינע שוועסטער פאַני ווען זי האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ ליבע־געשיכטע. ער העלפט דער מוטער מיט אַן עצה.

אַ וואַרעמען געפיל האָט זוסמאַן איינגעהאַלטן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן צו דעם קלוגן און גוטהאַרציקן ברודער יוסף, צו דער דערמאָנטער פאַני און גאָר באַזונדערס צום ברודער וואָלף און צו דער שוועסטער אַליע. אין „דאָרטן" (ז' 67) דערמאָנט דער דיכטער זיין שוועסטער פאַני.

יוסף, צלאל און פאַני זיינען אומגעקומען אין לאָדזש בעת דער נאַצי־הערשאַפט. וואָלף און אַליע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין סאָוועט־רוסלאַנד פון דער געפּעאו. וואָלף איז געווען זייער אַ פעאיקער מענטש מיט אַ זעלטענעם זכרון. ער האָט דורכגעמאַכט גימנאַזיע, געענדיקט אוניווערזיטעט; געווען אַ טאַלאַנטירטער פּעדאַגאָג און אַ פּרעכטיקער רעדנער. ער איז אַריין אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און געשפּילט דאָרט אַ ראָל. ער איז

געווען באַפריינדעט מיט ל. טראָצקין, דורכגעדרונגען מיט זיינע רעוואָלוציאָנערע אידייען — און פאַר זיין טראָצקיזם איז ער טאַקע פאַרמשפּט געוואָרן.

זיין שוועסטער אָליע איז געווען די יינגסטע, אַן אָריגינעלע שיינקייט: טיפע, שוואַרצע אויגן, געדיכטע האָר, צאַרט, ווייבלעך, אַ קרישטאָלענע נשמה. געענדיקט פּוילישע גימנאַזיע, געלערנט אין אוניווערזיטעט. אין די 20־ער יאָרן געוואוינט אין וואַרשע, געווען אונטער דער אַפּיטרופּסות פון זוסמאַנען און זיין פרוי קלאַראַ סעגאַלאָוויטש. אַ קורצע צייט איז זי געווען לערערין אין די וואַרשעווער שולן פון „צישאָ". אין גיכן איז זי אַוועק קיין מאָסקווע, צום ברודער וואָלף — און דאָרט האָט זי געפונען איר טראַגישן סוף. צוזאַמען מיט איר ברודער איז זי ליקווידירט געוואָרן. און ניט איין מאָל האָט מען געקענט הערן פון ז. סעגאַלאָוויטשן דעם וויטיקלעכן אויסגעשריי: „סוואָלאָטשעס, וואָס האָבן זיי געטאָן מיט אָליען, וואָלפן?"

מען דאַרף נאָך דערמאָנען פון די איבעריקע מיטגלידער פון דער גרויסער משפחה, דעם ברודער פישל — אַ נאָענטער חבר פון הערץ גראָסבאַרד, אַ זאָרגלאָזער, אויך געשריבן פּאָעזיע, געשטאָרבן פון טיפוס בעתן ערשטן וועלטקריג.*

זוסמאַנס צוזאַמענלעבן מיט דער שוישפּילערין קלאַראַ סעגאַלאָוויטש האָט אים געבראַכט גליק נאָר אויף אַ קורצע צייט, שפּעטער האָט אים דאָס געפירט צו שווערע איבערלעבונגען. אויב דער מאָדעל פאַר אַנקען, דער העלדין פונעם ראָמאַן „אונדזער פרוי" (דריטער טייל פון דער טרילאָגיע „זעליקס יאָרן") איז באמת קלאַראַ, דאַן האָט ז. סעגאַלאָוויטש געשילדערט דעם דראַמאַטישן פאַמיליע־עפּיזאָד אין זייער פאַרביטערטע ווערטער:

„...דעמאָלט איז דאָס געווען, שרייבט ער, צום ערשטן

---

* דער לאָדזשער פעריאָד פון דער משפחה סעגאַלאָוויטש איז באַשריבן אינעם אַרטיקל פון מאַניע ריינהאַרץ, וועלכע איז געווען אַ חברטע פון אָליען: „אונדזער שטימע", פּאַריז, ערשטער מערץ, 1949.

מאָל, ווען ער האָט ניט טראַכטנדיק אַ טראַכט געטאָן דעם ביטערן געדאַנק: איך בין אַריינגעפאַלן" (ז' 205). און שפּעטער: „וואָס איז דאָס געוואָרן מיט אַנקען? פּאָר אַ גענוי יאָר צייט האָט זי זיך אַזוי פיל געביטן, טריט נאָך טריט פון אים אַוועק און איצט איז זי זיינע און נישט זיי־נע"...

„אַ צושטעלער איז ער געוואָרן פון טיכלעך, קליידער און היטלעך. אַן אַזאַרט־שפּיל: זי פאַרלאַנגט יעדע פּאָר טעג עפּעס נייעס אין איר קליידן זיך און ער באַמיט זיך מיט די לעצטע כוחות אָנצוזאָגן אירע פאַרלאַנגען... דאָס איז שוין באַלד קיין לעבן ניט, נאָר אַן ענדלאָזע קייט פון פאַר־ברענעניש, פון שלאָפלאָזע נעכט. ער איז שוין ניט ער" (ז' 226). „וויפל מאָל האָט זי אים שוין געוואָרפן די ווער־טער: „אוי, סטאַך, ווען דו וואָלסט זיין רייך!" (ז' 250). און נאָך שפּעטער: „מיטאַמאָל . . . אין אַ פּלאָנטער מיטן אייגן ווייב, ער גלויבט איר און גלויבט ניט, ער קען ניט אַרויסקריכן פון די ספקות"... (ז' 281). און צום סוף: „ער טראָגט שוין אין קאָפּ דעם פּעסטן באַשלוס: צעשיידן זיך!" (ז' 350).

18 חדשים האָט זיך געצויגן ז. סעגאַלאָוויטשעס ראָמאַן מיטן טראַגישן עפּילאָג...

מ. ראַוויטש שילדערט אַזוי די דאָזיקע צייט: (קלאַראַ) „איז געווען די מאַכט הינטער דעם טרוים פון זיינע לידער, די טעמע פון כמעט אַלע זיינע דערפאָלגרייכע ראָמאַנען, די שלעכטע אָדער גוטע שטימונג. הינטער די אומצאָליקע קליינע, שטימונגספולע דערציילונגען זיינע פון עטלעכע יאָר־צענדליקער . . . און . . . די אומרואיקע טעג . . . זיינען באַלד געקומען. ביי אַזאַ אַליאַנס צווישן אַן איינזאַמען דיכטער און אַן אויפפאַלנדער שיינער פרוי וואָס איז אַן אַקטריסע... קיין שאָסן האָבן ניט געקראַכט, קיין פּעטש אַפילו ניט גע־קלונגען און אַפילו שוין נאָך דעם געמיינזאַמען וויזיט ביים רב זיינען אָפט קלאַראַ און דער דיכטער געזעסן בשעת אוונטן אין צוויי באַזונדערע ווינקלען פון ליטעראַטן־זאַל און

אַ קוק געטאָן איינער אויפן אַנדערן"... (מיין לעקסיקאָן, 2טער ב', ז' 243-4).

די לעצטע צען יאָר פון ז. סעגאַלאָוויטשעס לעבן זיינען באַקאַנט — פון זיינע זכרונות „מיינע זיבן יאָר אין תל-אביב" און פון פון זיינע אומקום-פּאָעמעס וועגן וועלכע מיר וועלן רעדן שפּעטער. אָבער אַפילו זיצנדיק אין תל-אביב און באַוויינענדיק דעם חורבן פון פּוילישן יידנטום, האָט ער ניט פאַרגעסן קלאַרען. אינעם בוך „טלאָמאַצקע 13" רעדט ער וועגן איר אַ סך, און אינעם בוך „דאָרטן" האָט ער אָפּגעדרוקט אַ סעריע לידער „קלאַרען מיין יזכור". אַ סך רירנדיקע פערזן זיינען דאָ געווידמעט קלאַרען. „זי איז אַ געוועזענער געזאַנג וואָס ציטערט אויף פון שעה צו שעה" — הערן מיר פון אים.

איך האָב דיך געפונען כדי דיך צו פאַרלירן,
איך האָב דיך פאַרלאָרן כדי צו דערמאָנען...
דאָך איצטער, אַך, איצטער... ווי קאָן איך באַרירן
דיין ביסעלע אַש און דעם אַש פון מיליאָנען.

דעם דיכטער פון ליבע און אייפערזוכט איז באַשערט געווען אַליין דורכצומאַכן די שווערסטע דערפאַרונג — און אַ טרויער האָט זיך פאַרקליבן אין זיין האַרצן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

אין זיין בוך „טלאָמאַצקע 13" רעדט ער אַ סך וועגן קלאַראַן, מיט וועלכער ער האָט זיך סוף-כל-סוף געגט. און דאָס וואָס ער דערציילט דאָ איז זייער רירנדיק:

„זי איז ניט געווען קיין געוויינטלעכע פרוי און ניט אַזאַ, וואָס איז לייכט צו פאַרשטיין. מענער זיינען איר נאָכגעלאָפן. זי האָט טעאַטער געשפּילט מיט גרויס דערפאָלג, אַפּלאָדיסמענטן און בלומען. אַ שיין פּנים מיט אַ שייגעם קערפּער און שיינע קליידער, און דאָך עפּעס אַ ווייטע, אַ טראַגיש-פאַרבענקטע. אַ פיינע זינגערין, אַ פיינע טענצערין... זי פלעגט ברענגען אין ליטעראַטן-פאַראיין אַנרעגונג, קלוגע

װערטער, רייץ פון איר שיינקייט... זי איז אומגעקומען מיטן פאראיין אינאיינעם..."

*

דאס קאפיטל װארשע־פױלן איז געענדיקט. עס הייבט זיך אן א פעריאד פון לױפעניש און װאנדערונגען אונטערן האגל פון די נאצישע עראפלאנען. ז. סעגאלאװיטש איז איינער פון די פליטים. א געװיסע צייט פארהאלט ער זיך אין קאװנע.

אויף דעם טראגישן װעג װארשע־װילנע האט זיך צו־פעליק ז. סעגאלאװיטש געטראפן מיטן יינגערן פון אים משה קנאפהיים. דאס איז געװען אויף דער סטאנציע באראנא־װיטש. ביידע האבן זיך דערשלאגן צו װילנע. ז. סעגאלא־װיטש איז שפעטער אריבער קיין קאװנע. אין א שפעטער־דיקן בריװ פון תל־אביב שרייבט ז. סעגאלאװיטש:

„מיר שפרייזן אין אש פון אונדזערע קרובים . . . און מיר לעבן אבער דאך . . . מיר לעבן מיט א ביטערניש פון יעדן ביסן װי זים ער זאל ניט זיין. מע זאגט צו זיך און צו אנדערע: „נישטא מער קיין כוח" און מע גייט אזױ װייטער אן כוח, אן גלויבן. מע גייט".

„מיין פריינד משה קנאפהיים! שטעלט זיך פאר מיין לאגע — געבליבן איינער אין אזא פארצװייגטער משפחה... פרעגט נאך ביי די געראטעװעטע, אפשר װייסן זיי עפעס פון די לעצטע טעג פון מיינע צװיי ברידער און צװיי שװעס־טער מיט זייערע משפחות. איך האב ניט זייערע לעבנס, טא זאל כאטש זייער טויט שװייגן צו מיר, װי א ספינקס אין א פינצטערער נאכט".

„איך געדענק אונדזער רייזע ביז װילנע. אונדזער געזע־גענונג אויף סאדאװע גאס. יא, ס'איז פאראן װאס צו גע־דענקען. נאר די פארגאנגענהייט מיט דעם איצטער זענען איצט איין קנויל פון יסורים און װייטיק. מע טאר עס ניט אנרירן. ס'צערייצט די נשמה. מע װארפט זיך אפט אריין אין די שורות כדי צו שרייבן פון װייטיק. אבער װאס איז

היינט שרייבן? אַן איינגערעדטע רפואה מיט אַ געגאַרטן עטיקעט. איך האָב שוין אַזעלכע עטיקעטן אַ סך".

אינעם גרויסן יזכור-בוך ליטע (ב' 1) ווערט באַשריבן ווי אַזוי ז. סעגאַלאָוויטש פאַרברענגט זיינע טעג און נעכט אינעם קאַפע, אַרומגערינגלט מיט אַ סך וואַרשעווער און קאָוונער פריינד. אָבער ער קען ניט איינזיצן אין דער אַט-מאָספערע. דער נאַצישער חלף הענגט איבערן ליטווישן יידנטום.

ער דערשלאָגט זיך צו אַ סערטיפיקאַט (1941) קיין דער-מאָלטיקן ארץ-ישראל. ער גיט אַ נדר אין ערגעץ ניט וויסן קיין רו. דאָך האָט ער זיבן יאָר פאַרבראַכט אין ארץ-ישראל. ער האָט די זיבן יאָר פאַראייביקט אין זיינע זכרונות („גע-ברענטע טריט").

אין אַ בריוו צו מאַרק טורקאָוו שרייבט אים ז. סעגאַ-לאָוויטש פון תל-אביב: „דאָ לעב איך, דאָ שרייב איך און דאָ ווער איך עלטער און עלטער. געלויבט איז גאָט פאַר יעדן טאָג, פאַר יעדער שעה... מיין זיין דאָ איז פאַרבונדן מיטן „דאָרטן", מיט אַלע שווידערן פון „דאָרטן". „אין לאָדזש צוויי ברידער און צוויי שוועסטער מיט זייערע משפחות, טויזנטער באַקאַנטע פריינד, מיין לעבן, מיין פאַרגאַנגענ-הייט, מיינע פאַרברענטע ביכער, מיין צעשטערטע אַרבעט. אַט אַזוי ווי אַנדערע פאַריאָגטע פון קויל און פייער. איי, זאָל גאָט העלפן, זאָל גאָט ראַטעווען, אויף מענטשן איז שוין ניטאָ וואָס זיך צו פאַרלאָזן".

דאָ אין תל-אביב, ליידט ער אויך צוליב דעם מצב פון יידישער שפּראַך אין דער סביבה פון העברעאיש.

אין תל-אביב האָט ער מיטגעאַרבעט אין העברעאישע טעגלעכע צייטונגען „הבוקר" און „הזמן", געשריבן מיט אַ צעבראָכן האַרץ זיין חורבן-פּאָעמע „דאָרטן", וואָס איז פריער געדרוקט געוואָרן אין ניו-יאָרקער צייטשריפט „די צוקונפט". האָט מען אים געזען זיצן אין קאַפע-הויז „גנתי" (רחוב אלנבי), וואו עס זענען זיך צונויפגעקומען די ניצל-געוואָרענע רעשטלעך פון יידישע ליטעראַטן און עסקנים

אין פוילן. ווען יצחק גרינבוים האָט אים געפרעגט, צי ער וועט זיך נאָך אויסלערנען און שרייבן עברית, האָט ער געזאָגט:

„... ניין, וואָס וועל איך טאָן מיט מיין יידיש? מיין יידיש צירקולירט אין מיר צוזאַמען מיט מיין בלוט. — — — איך וויל בעסער מען זאָל מיך גוט איבערזעצן פון יידיש, איידער איך זאָל שרייבן אַ שלעכטן העברעאיש. איך וויל ניט שרייבן מיט דער הילף פון ווערטערבוך. מיין ווערטער־בוך איז די סמאָטשע גאַס פון וואַרשע, דער באַלוט פון לאָדזש, שניפּעשאָק פון ווילנע, כאַנאַיקעס פון ביאַליסטאָק, קאָוונער סלאָבאָדקע ...״

אין בוך „מייגע זיבן יאָר אין תל־אביב״, פאַרענדיקט ער אַזוי:

„...לאָמיר זיך געזעגענען, תל־אביב, מיין ווילן איז קו־מען צוריק צו דיר. — — — יעדעס ווינקל איז מיר טייער, יעדער קלאַנג פון די זיבן יאָר גייט מיר נאָך און וועט מיר נאָכגיין. — אַ שאָד צו פאַרלאָזן, אַ שאָד, אַ שאָד אַוועק־פאָרן, אַלץ איז אַ שאָד — — — דאָס האַרץ נאָגט, אוי ווי עס נאָגט ...״

אין די „אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער״ וואָס גייען אַרויס אין בוענאָס־איירעס, אונטער דער רעדאַקציע פון משה קנאַפּהייס, איז אין די נומערן פון יאָרן 1955, 1956, 1957, 1958 אָפּגעדרוקט אַ גרעסערע סעריע בריוו פון ז. סעגאַלאָוויטש צו מאַרק טורקאָוו, געשריבן פון תל־אביב אין די יאָרן 1940־1946. עס איז אַן אוצר פון ביאָגראַפישן מאַטעריאַל. עס דערציילט אַ סך וועגן ז. סעגאַלאָוויטשעס איבערלעבונגען און פסיכישן צושטאַנד, וועגן זיין באַצי־אונג צו זיין אייגענער פּראָדוקטיווער שאַפונג אין יענער צייט ווי דער מקונן פון יידישן נאַציאָנאַלן חורבן, וועגן זיינע פערזענלעכע משפחה־פאַרלוסטן, וועגן זיין מצב און זעלבסט־געפיל אין תל־אביב.

עס איז אוממעגלעך איבערצודרוקן אָט דעם גאַנצן בריוו־מאַטעריאַל. עס וואָלט זיך מער געפּאַסט צו אַ ספּעציעלער

דעטאַליזירטער ביאָגראַפיע פון אונדזער דיכטער. מוז איך זיך באַגרענעצן מיט איינצלנע ציטאַטעס פון די בריוו. מיר באַגעגענען דאָ אַ וואונדערלעך־טראַגישן פּאָרטרעט פונעם דיכטער. און ניט ווייניקער אינטערעסאַנט זיינען ניט נאָר די „ליטעראַרישע" פּאָרטרעטן, נאָר אויך די פאָטאָגראַפיעס, וועלכע באַגלייטן דעם טעקסט.

**1940** — „איצט בין איך אין קאָוונע. פּליט 9420. איך האָב באַגעגנט גוטע מענטשן. מען לאָזט ניט אונטערגיין. אָבער איך בין אויף קעסט ביי פרעמדע מענטשן. אָפט ווערגט עס. איך וויל אַוועק פון דאַנען און איך מוז אַוועק. פון לעבן וויל איך שוין גאָרנישט. איין זאַך וואָס האַלט מיך אויף, איז דער פאַרלאַנג צו אַרבעטן. דאָ איז דאָס אוממעגלעך. — — —

מיר עסן פרעמדן האָבער־גריץ
געמישט מיט אַך און ווי...
די ציינער גיבן אָפט אַ קריץ,
נאָר דאָס איז גלאַט אַזוי...

עס גייען טעג אָן ווידערקול,
ניט פרעג קיין סך, פאַרשטיי!
פון זעלבסטמאָרד טראַכט מען אויך אַמאָל,
נאָר דאָס איז גלאַט אַזוי...

**תל־אביב 1943.** „אין קאָוונע איז אונדזער קאָרעספּאָנדענץ איבערגעריסן געוואָרן. פון האָרט בין איך אַרויס דעם 4טן פעברואַר 1941. קיין ארץ־ישראל געקומען דעם 9טן מערץ און דאָ לעב איך, דאָ שרייב איך, און דאָ ווער איך עלטער און עלטער... געלויבט איז גאָט פאַר יעדן טאָג און שעה. דאָס לעבן איז הייַנט פאַרבונדן מיט נסים, איז אויך אַ נס מיין אַוועקגיין פון „דאָרט" און מיין קומען אַהער. איך האָב דאָ געאַרבעט אין „הבוקר". איצט אין ניי־אויפגעשטאַנענער „הזמן". „אַ ביסל פאַרדין איך און אַ ביסל מאַטערט מען זיך"...

**תל־אביב 1944.** „איבערמאָרגן איז שוין פינף יאָר מלחמה...

יאָמערן ווילט זיך אויפן קול — וואָס איז פון אונדז געוואָרן?
האַלט איך אָפן די אויגן — איז מיר פינצטער, מאַך איך זיי
צו — איז נאָך פינצטערער. ניטאָ קיין טרייסט און מען דאַרף
ניט קיין טרייסט. איך באַהאַלט זיך אין מיין אַרבעט. אָנגע־
שריבן אַ נייע פּאָעמע א. נ. „טרעבלינקע". אַ שווער־בלו־
טיקע פּאָעמע, קלענער ווי „דאָרטן", זי איז שוין אין „צוקונפט"־
רעדאַקציע.

דאָ זיינען: ניימאַן, צאַנין, פּלינקער, דאָראַ ניימאַן, הערשל
הימעלפאַרב און נאָך — רעשטלעך. וועגן מיין שטימונג, וועגן
קאָמפּליצירטע פּאַרפּלאָנטערטע ענינים — אַ צווייט מאָל".

**תל־אביב, 1944.** „טייערער מארק! מיט קלאַראַן האָב
איך זיך געזעגנט אויף צו פליסן. מיט אַזעלכע ווי קלאַראַ גט
מען זיך ניט, מען שטאַרבט מיט דעם גליענדיקן אָנדענק.
יאָ, נישט ריידן... מען קען משוגע ווערן. ווילט זיך מיר וויי־
נען, רעדן וועגן זאַכן, וואָס מאַטערן דעם גאַנצן טאָג. גענוג
צו טראַכטן . . . און איבערהויפּט עס פעלן ווערטער. מיינע
פּרוואוון עפּעס אַרויסצוזאָגן האָבן דערפאָלג ביי אַנדערע. איך
אַליין האַלט אַז דאָס איז שוואַך. דער שרייבער איז באַנק־
ראָט. אַלע בלייבן ביי זייערע אַרבעט־געצייג — דער שוס־
טער, דער שניידער, דער פידלער, דער וועבער, אָבער דער
דיכטער איז געוואָרן אַ שטאַמלער, דער שד האָט ביליק
געמאַכט דאָס וואָרט, און מענטש איז טויב געוואָרן פון
אַזעלכע קאַנאָנען און באָמבעס.

טייערער! איך שרייב און שטעל זיך אָפּ. וואָס איז היינט
אַ בריות? אַ שורה אהער און שורה אהין. זיגזאַגן. ניט
דערזאָגטע פּיינען, ניט דעררעדטע יסורים. מ׳איז איבערפולט
מיט גרויזאַמקייט פון אַלע רשימות . . . וואָס איז היינט אַ
בריות?"

**תל־אביב, יאַנואַר 1945.** „איך האָב דריי חדשים גע־
שריבן אַ פּאָעמע „נישטאָ". איך בין אויף אַ טריט צוגעגאַנ־
גען צום אָפּגרונט, נעכט ניט געשלאָפן, געבלוטיקט און
אָנגעשריבן נאָך אַ פּאָעמע. צו וואָס? און צו וועמען? טורקאָוו,

אלטער און יונגער פריינד! קיינער זעט ניט, איך שרייב צו דיר און איך וויין — — —איך האָב דיר שוין געשריבן, אַז דער „הזמן" האָט אויפגעהערט צו דערשיינען, און איך בין געבליבן אָן אַ רעדאַקציע. מאַטעריעל איז שווער, אַלץ קאָסט טייער און איך האָב גאָרניט, נאָר גלייב מיר — דאָס שרעקט ניט. מע ווערט זאַט מיט מאַידאַנעק, מען שלאָפט מיט מאַידאַנעק און מען קליידט זיך מיט דאָס זעל־ביקע. איך האָב זיך אָפּגעזעגנט פון אַלע פאַרגעניגנס. שוין דריי יאָר אין טעאַטער ניט געווען און ניט אין קינאָ, ניט אין אַ קאַפע וואו עס שפּילט מוזיק. גאַנץ פּשוט עס גייט זיך ניט, איך קאָן אָפּזיצן שעהען לאַנג מיט זיך אַליין אויב די געשטאַלטן פון „דאָרטן" קומען ניט אַליין, דאַן רוף איך זיי אַליין אַרויס. אַזוי בייטאָג, אַזוי ביינאַכט . . . די נעכט. איין זאַך וואָלט איך נאָך וועלן: שלאָפן אַ נאַכט מיט אַ נאָרמאַלן, מיט אַמאָליקן שלאָף. איך בין אויסגעפּייניקט... איך האָב מיין וועלט פאַרלאָרן. אמת, ניט איך אַליין, אָבער אַ סך טרייסטן זיך מיט עפּעס. איך האָב ניט קיין עפּעס"...

**תל־אביב, אָקטאָבער 1945.** „אַ, מען לעבט, גאָט צו דאַנ־קען. מ'איז שוין באַלד אַלט 62, מ'איז שוואַך אַ ביסל, מען זשיפּעט אַז מען קוקט אויף דער צערודערטער וועלט — מלחמה, און שוין נאָך דער מלחמה. אונדזער וועלט וועט שוין תחית־המתים ניט אויפשטיין. פון מיין ברייט פאַרצווייג־טער משפּחה קיין סימן ניט . . .שלעפּ איך זיך פון צימער אין קאַפע־הויז און פון קאַפע־הויז אין צימער און איך זוך אַן אויפריכטיק מענטשלעך וואָרט, אַ שמייכל, אַ ביסעלע, אַ ביסעלע פריינטשאַפט. מע אַרבעט און מע שאַצט אָפּ אַמאָל ניט שלעכט דעם הויכן און דאַרן דיכטער. פאַראַן אַ פּאָר רייכע מענטשן אין מיין קרייז, וועלכע העלפן פון צייט צו צייט, און איך מוז זיין דער נעמער. איך מוז"...

**תל־אביב, מערץ 1946.** „האָסטו געלייענט אין יאַנואַר־נומער פון דער „צוקונפט" מיין פּאָעמע „ביים ברונעם"? און ווי געפעלט זי דיר? מע שרייבט וועגן מיר אַ סך און

בריוו באַקום איך פון אַלע עקן וועלט וואו יידן געפינען זיך. האַרציקע בריוו, אַ סך מער האַרציק ווי מיינע פּאָעמעס. נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. און גאָט זאָל העלפן, מיר זאָלן זיך טאַקע זען."

**תּל־אָביב, מאַי 1946.** „איך האָב זיך גענומען צו אַ גרע־סערער אַרבעט. אין די לעצטע פּאָר וואָכן ברען איך מיט דעם. איך שרייב אַ בוך א. נ. „טלאַמאַצקע 13". טלאַמאַצקע 13 אַזוי ווי ס'איז געווען. איך הייב אָן מיט צינערמאַנען און מיט אסתר רחל קאַמינסקי. עס גייען אַדורך אַלע וואָס זיינען יונג געשטאָרבן און אומגעקומען, אויך די וואָס זיינען, גאָט צו דאַנקען, לעבעדיק געבליבן. דאָס איז נישט קיין רע־גיסטראַציע. איך שרייב אָן דאַטעס, איך דערצייל. דאָס איז אַ בוך קודם־כל פּאַר חברים. אַ ביסל בלוט קאָסט עס, כאָטש איך באַמי זיך צו זיין אויך אָביעקטיוו, ווי דאָס איז אַ בוך פאַר זיך אַליין, ווייל איך גריבל זיך אין דעם אַש אַז איך געפין עפּעס..."

אין דער „גאָלדענער קייט" נומער 3, זיינען אָפּגעדרוקט עטלעכע בריוו פון ז. סעגאַלאָוויטש צו זיין פריינד יוסף פערלמאַן, תּל־אָביב.

**בריסל, 17טער דעצעמבער, 1947**

„...פרעגט נישט פאַרוואָס איך האָב נישט געשריבן, פּשוט דערפאַר ווייל איך האָב נישט געוואָלט זיך באַקלאָגן. פון לוד, פון באַזוניקטן אַעראָדראָם, בין איך אַראָפּגעפאַלן אויף דעם אַעראָדראָם „פּאַריז־אָרלי". פינצטער, נאַס, רעגן. אַנדערט־האַלבן שעה אין רעגן געוואַרט אויף אַ טעקסי. האָטעל, קעלט, פאַרפינצטערניש. שווער איז מיר געוואָרן. איך האָב דערפילט, אַז איך האָב געמאַכט אַ שלעכטן טריט מיט מיין ווילן אַ קוק טאָן אויף אייראָפּע, אָבער נישט צו פאַרריכטן. איך האָב נישט אָפּגעשאַצט מיינע פיזישע כוחות...

...די רואיקייט פון מיין תּל־אביבער לעבן האָט מיר געפעלט און איך בענק נאָך תּל־אביב. נאָך מיינע פריינד, נאָך אייך אַלעמען. איך ווייס, אַז אייך איז דאָרט איצטער

שלעכט. איך לייד מיט אייך, מיינע פריינד. אין דער פרי פרעג איך גלייך: וואָס הערט זיך אין ארץ ישראל? איצ־טער זע איך, ווי ווייט איך האָב זיך אַנטווישט און ווי ווייט איך בין פון אייראָפּע, פון אַזאַ אייראָפּע.

...גריסט ארץ ישראל. איך בייג זיך פון די ידיעות, אַז יידיש בלוט ווערט ווידער פאַרגאָסן. יעדער ווינקעלע פון תל־אביב איז מיר טייער, ווי מיין אייגנס.״

**ניו־יאָרק, 8טער מערץ, 1948**

„...היינט באַקומען פון אייך דריי קאָנווערטן. אַ דאַנק. די ארץ־ישראלדיקע קאָנווערטן מאַכן קלאַפּן מיין האַרץ און די גאַסן־נעמען שוועבן פאַר די אויגן און אַלע פריינד מיינע — געזונט זאָלן זיי מיר זיין.

...און איצט וועגן אַן ענין, וואָס איך וויל דאָס אוועק־שאַרן מיט דער האַנט און דאַך קאָסט עס אַ ביסל געזונט. איך מיין דאָ מיין ריידן אויף אַ באַנקעט וועגן ארץ־ישראל. טייערער פערעלמאַן: איך האָב פיינט זיך צו פאַרענטפערן, איך קאָן בלויז מיט כעס, אָדער אַן כעס פאַרטיידיקן בלויז דאָס, וואָס איך געפין פאַר גערעכט. איך האָב ניט גערעדט שלעכט וועגן ארץ־ישראל, איך האָב ליב ארץ־ישראל און איך בענק נאָך יענע גאַסן, וואו מיר האָבן צוזאַמען גע־שפּרייזט. מיין נחת וועט עס זיין ווידער צו שפּרייזן אויף די זעלביקע גאַסן. זלמן רייזען איז ניט אָראָפּגעקומען פון יענער וועלט צו זיין דער הויפּטרעדנער אויף מיין באַנקעט. עס איז ניט פאַרגעקומען קיין יידישיסטישער בונדיסטישער באַנקעט פאַר מיר. איך בין פון די באַנקעטן אַנטלאָפן פון ניו־יאָרק און ווען איך וויל דאָ, האָב איך יעדן טאָג אַ באַנקעט. אַרויסגעטרעטן בין איך בלויז פיר מאָל. אויף מיין קבלת־פנים ביי די ליטווישע יידן, ביים ביאַליסטאָקער רעליף און ביי די וואַרשעווער „טלאָמאַצקע״-חברים. אומעטום האָב איך דערמאָנט ארץ־ישראל מיט ליבע, מיט דרך־ארץ, און דער ציוניסטישער עולם, דער טייל, וואָס האָט ליב ארץ־ישראל, האָט מיך שטאַרק אַפּלאָדירט. דאָס זעלביקע אין

פּאַריז, אין בריסל און אין אַמסטערדאַם. איך האָב ליב ארץ־ישראל ניט ווי קיין פונקציאָנאַר, — נאָר ווי אַ ייִד, און קיי־נער האָט מיך ניט געצוואונגען דערצו. אין פּאַריז, אויף העפּטמאַנס באַנקעט, זענען געווען די טרייסטע פּראָנצוי־זישע ציוניסטן. עס זענען אויך געווען משה סנה, רייס, קלינאָוו און אַנדערע (אַגב האָט קלינאָוו אין זיין וואָרט וועגן העפּטמאַן דערמאָנט אויך מיין נאָמען און געזאָגט, אַז עס איז אַ גרויסער זכות פאַר דעם עולם פון באַנקעט, וואָס סעגאַלאָוויטש געפינט זיך דאָ אין זאַל). יאָ, אַלע צוזאַמען האָבן ניט איינגעזען, אַז איך רייד עפּעס שלעכטס וועגן יישוב. דאָך, צו ארץ־ישראל האָט זיך דערקייקלט ווי אַ שטינק־באָמבע און מיין נאָמען ווערט פאַרשוואַרצט און מיינע רייד ווערן פאַרקריפּלט. פּערעלמאַן! איך פאַרענטפער זיך ניט, איך וויל בלויז, אַז מיינע פריינד זאָלן וויסן, אַז דאָס וואָס מען שרייבט וועגן מיר איז שקר. דאָס איז מיין סאַטיספאַק־ציע: מיינע פריינד זאָלן וויסן, און וועגן די ווערעם גייט מיר ניט אָן. גיט אָפּ ביימאַנען מיין גרוס און מיין דאַנק פאַר ערלעכער פאַרטיידיקונג.

...גריסט די פריינד, באַקאַנטע, און זאָל דאָרט שוין ווערן רואיק. גריסט די ביימער, די שטאָט. דעם ים."

**ניו־יאָרק, 25טער מערץ, 1948**

...ביי מיר נישטאָ קיין נייעס. אין „פאָרווערטס" ניט אַריין. זיי ווילן איך זאָל געבן זאַכן און זיי וועלן דרוקן. דאַנק איך זיי. די פאַרוואַלטונג וויל מיך ניט נעמען „אין גאַנצן", כאָטש האַגאָוו, כאַנין און העלד און אויך אַנדערע זיינען פאַר דעם מען זאָל מיך צונעמען פאַר אַ שטענדיקן מיטאַר־בעטער. מען רופט מיך שטאַק אין „מאָרגן־זשורנאַל". עס קאָן זיין אַז איך וועל גיין אַהין. די טעג, היינט אָדער מאָרגן, נעמט זיך זעצן מיינס אַ בוך פעמען. אַריין וועלן אַהין: 1) איצטער, 2) ביים ברונעם, 3) אַש, 4) מיין פאַר־שוואונדענע לאַנדשאַפט, 5) אַ טאָג... 6) 66 אַכט־שורהדיקע לידער.

איך בין מיט אייערע שווערע איבערלעבונגען. איך פיל אייך מיט און עס איז מיין תפילה, אז איר זאָלט גיכער אי־בערקומען און עס זאָל ווידער זיין אַ פיין געבענטשטע ארץ־ישראל און מען זאָל גיין רואיק צום ים און מען זאָל לעבן ווי מענטשן אָן בלוט־פאַרגיסונג.

**ניו־יאָרק, 9טער סעפּטעמבער, 1948**

..איך בין מיט עטלעכע טעג צוריק אריין אין ניו־יאָרק. געוועזן בין איך דאָ ניט ווייט, געזעסן לעם ים און זיך געקילט, אריין אין ניו־יאָרק — איז ווידער היים. עס איז מיר שווער פון דער געדריקטער שווייסיקער וואַרעמקייט.

איך דרוק „מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב". דאָס איז אַ ווערקל פון אַכצן גרויסע זעקס הונדערט שורהדיקע מאמרים. נאָך דריי און איך ענדיק דאָס. דערנאָך רעכן איך וועט גיין מיינט אַ געדרוקטער ראָמאַן. מיין בוך „איצטער" פאַרקויפט זיך צו ביסלעך. געוועזן צוויי וואָכן אין האוועראַיל ביי באָס־טאָן, ביי מיין געפונענעם ברודער. איך האָב איינלאַדונגען אין גאַנץ אַמעריקע, קאַנאַדע, מעקסיקע, אַרגענטינע און נאָך. מען בעט און מען בעט זיך אפילו איך זאָל אַהין קומען. איך בין אָבער שוואַך און קען זיך ניט אַרומשלעפּן. וועט מען זען. אפשר וועט מען פאָרן בלויז אין די גרעסערע פונקטן. אין אַ וואָך אַרום עפנט זיך דאָ דער „קולטור קאָנ־גרעס", וועט עס מוזן זיין אַ שטיקל יום־טוב. איך בין זייער אַלט געוואָרן נאָך מיין אַוועקגיין פון תל־אביב. איך בור־טשע ווי אַן אַלטער דזשאַד און שלעפּ קוים די פיס. איך האָב דאָ פיל פריינד. ד. ה. איך האָב די טעלעפאָנען זייערע און זיי האָבן מיין טעלעפאָן. נאָר מען קלינגט ניט און מען זעט זיך ניט. איך בין דאָ געשעצט זייער און זייער, נאָר מען זיצט וואָכנלאַנג אַליין אין צימער און איך האָב דער־ווייל צייט צו באַטראַכטן ווי „געשעצט" איך בין. אַ פיי־נער פון די פיינסטע האָט זיך אַרויסגעוויזן יעקב גלאַט־שטיין און די איבעריקע — נישקשה. לאָמיר זיין אָן פרע־טענזיעס.

אַמעריקע איז אַ יונג לאַנד. דאָ ליגט די צוקונפט פון אַ

סך לענדער. ניו־יאָרק איז שווער צוליב איר גרויסקייט. איך בענק נאָך תל־אביב, איך בעט גאָט, איך זאָל נאָך זיין אין תל־אביב, איר זענט דאָרט גליקלעך, ווייל דאָס לעבן דאָרט איז לייכטער (אָן אַ מלחמה, פאַרשטייט זיך). אין זין פון געמיטלעכקייט און רואיק לעבן, איז תל־אביבער אויסלעבן זיך ווערט איין טאָג פון זיבן ניו־יאָרקער. תל־אביב אָטעמט מער, תל־אביב רוט מער, אין תל־אביב איז יעדערער אַ יחסן אָן געלט אַפילו, און דאָ מיט געלט איז מען אַ שקלאַף ביים געלט, ביים לויפן, ביי קיין צייט ניט האָבן. איך האָב באמת ליב תל־אביב און צוזאַמען גאַנץ ארץ־ישראל. צוליב מיין כאַראַקטער קאָן איך הויך ניט שרייען וועגן דעם. אָבער אין אַכצן מאמרים האָב איך דאָס געבראַכט צום אויסדרוק. איך האָב אויסגעמיטן פּאָליטיק, פּראָפּאַגאַנדע, טעראָר, ענג־לאַנד. דאָס איז ניט מיין פאַך, נאָר דער באָדן איז מיר טייער מיינע פריינד זענען טייער און וועגן דעם האָב איך רואיק, מיט געפיל און הארץ געשריבן. און דאָ רעדט מען, אַז איך האָב דעם יישוב געבראַכט מער נוצן, ווי הונדערט אַפּאַ־ראַטניקעס. מיין שרייבן וועגן ארץ־ישראל האָט האָ זייער, זייער שטאַרק אויסגענומען. איך באַקום בריוו פון אַ סך שטעט, ממש מען בענטשט, מען לייגט מיר פאָר ארויסצוגעבן „די זיבן יאָר" אין בוכפאָרם... *

...איך אָטעם איין איבערן טאָג אַ סך דאַמף און גאַזאָ־לין. איך בין אין דער גרעסטער שטאָט פון דער וועלט. איך פיל סאַראַ שטויבעלע איך בין דאָ און אַזוי זענען דאָ אַלע. ווען די מענטשהייט וועט ווערן קליגער וועט מען פון ניו־יאָרק לאָזן בלויז די גרויסע בילדינגס, אויך מוזייען און דאָס איבעריקע וועט מען צענעמען און מאַכן פון דעם הונדערט שטעט. אוממעגלעך, אַז מענטשן זאָלן זיך אַזוי שטיקן מיט דאָס ביסעלע לעבן. מער אָטעם, מער לופט, מער ביימער

* דערשינען א.ד.ט. „מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב", אין בוענאָס־איירעס, אין דער ביכער־סעריע „דאָס פוילישע יידנטום", אונטער דער רעדאַקציע פון מאַרק טורקאָוו.

און דער עיקר — פאַרקלענערן דעם טעמפּאָ. בלויז דער טייוול באַדאַרף עס.

אייער, ז. סעגאַלאָוויטש"

**
*

די בענקשאַפט צו באַגעגענען זיך מיט די לעבעדיקע יידן פון אַמאָליקן פּוילן, „נאָך איין מאָל זאָל איך זיי קענען אָנקוקן" — פאַרשטאַרקט זיך ביי ז. סעגאַלאָוויטש אַלץ אָפטער און ער באַשליסט פאָרן קיין אַמעריקע. ער האָט געטרוימט און געהאַט די אילוזיע, אַז ווען ער וועט אָנקומען קיין ניו־יאָרק, וועלן צענדליקער טויזנטער יידן אים באַגע־גענען ביים שיף. די יידישע צייטונגען וועלן זיך רייסן ער זאָל זיי געבן צום דרוקן זיינע לעצטע ווערק. דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ פאַלשע אילוזיע — אַן איינרעדעריי. ער איז פול מיט אַנטוישונגען, מיט פאַרביטערטקייט. דאָ האָט ער ווייטער געהאַט דעם זעלביקן געפיל פון איינזאַמ־קייט, איזאָלירטקייט. ביי אַ געלעגנהייט האָט ער אויסגעגאָסן זיין צעוווייטיקט האַרץ פאַרן שרייבער אייזיק רעמבאַ, בעת יענער האָט אים אָנגעקלונגען אין האָטעל.

— „איר ווייסט — האָט ער מיר געזאָגט — זיבן חדשים וואוין איך אין דעם צימער, און דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס איך הער אַ טעלעפאָן־קלונג. זייט איך בין אָנגעקומען אין ניו־יאָרק איז דאָס דער ערשטער צייכן, אַז אַ לעבעדיק באַשעפעניש פאַראינטערעסירט זיך מיט מיר. איבער צוויי הונדערט טעג בין איך שוין דאָ, און דער טעלעפאָן איז גע־ווען שטום און די ווענט זיינען שטומע.

„איך בין דאָ איינזאַם, אַזוי ווי איך וואָלט זיך געפונען אין אַ מדבר, און ניט צווישן מיליאָנען יידן. אָך, ווי איך וואָלט שוין געוואָלט צוריקפאָרן אין ארץ־ישראל, צו מיין טישל אין „גינתי", צו מיינע פיל גוטע פריינד. אָבער איך האָב ניט מיט וואָס צוריקצופאָרן, איך האָב ניט אויף רייזע־הוצאות !"

מיט ביטערניש און ווייטיק האָט ער גערעדט וועגן דער גרויסער „אילוזיע" זיינער וואָס האָט זיך אויסגעלאָזן

און וועגן אַ האָפענונג וואָס איז צונישט געוואָרן. ניין, אין אַזאַ מדבר־קלימאַט קען אַזאַ מענטש ווי ער ניט לעבן.

אין בוך „לשון יידיש און יידישע קולטור", אין זיין עסיי וועגן סעגאַלאָוויטש, גיט לעאָ פינקעלשטיין אַ רירנ־דיק בילד ווי אַזוי דער דיכטער האָט אויסגעזען אין ניו־יאָרק:

„יעדן טאָג, אין די שפּעטערע מאָרגן־שעהען, האָט מען אויף איסט בראָדוויי, אויפן קורצן אָפּשניט אַרום די יידישע רעדאַקציעס, געקאָנט זען אַרומשפּאַנען ז. סעגאַלאָוויטשן. מיט זיין שלאַנקער פיגור, ביינערדיק פּנים, עטוואָס בולטע, צעשראָקענע אויגן און אומרואיקן גאַנג האָט ער אויף זיך געצויגן פרעגנדיקע בליקן פון די יידישע דורכגייער. ווען ער איז געוואָרן מיד פלעגט ער זיך צוזעצן אויף דער שטיי־נערנער שוועל פון דעם „פאָרווערטס"־בנין. פון זיין פּנים האָט געשלאָגן אַן אומעטיקער עלנט און פאַרקלעמענדיקע פאַרוואָגלטקייט. ער פלעגט מיט אַ פאַרלוירענעם בליק און טיפן זיפץ זיך אַרומקוקן איבער די פרעמדע גאַסן, ווי ער וואָלט געזאָגט: איך האָב אויף שטענדיק פאַרלוירן מיין וואַ־רעמע היים אין דער יידישלעכער וואַרשע — פון איצט אָן וועט אפשר איר, יידישע גאַסן פון ניו־יאָרק, ווערן מיין צווייטע היים. אָבער אין האַרצן האָט ער ניט געגלייבט אין דעם, וואָרעם אַ היים, ווי אַ מאַמע, איז נאָר פאַראַן איינע. — ער איז געקומען אין יידישן ניו־יאָרק מאָנען גע־דעכענישן פאַר די וואָס זענען אומגעקומען אָן אַ קדיש. דער היימלאָזער דיכטער . . . האָט איבערגעלעבט זיינע העלדן. איז נאָך פאַראַן אַ מער טראַגיש לעבן?

שאַרט ער זיך, דער איבערגעבליבענער, איבער דער וועלט ווי אַ שאָטן. אַ מאַמע וואָס האָט איבערגעלעבט אַלע קינדער. דער איינציקער זינען פון זיין עלנט לעבן איז באַ־שטאַנען אין אויסוויינען פאַר די צוקונפטיקע דורות אונ־דזער גרויסן בראָך. דער וויייטיק האָט אָבער קודם־כל אים אַליין איינגעבראָכן און ער איז אַוועק פון דער וועלט. — —

דער שטילער דיכטער פון צאַרטער ליבע איז מגולגל גע־

וואָרן אין אַ מקונן, אין אַ יאָמערדיקן באַקלאָגער פון אונדזער גיהנום־אומקום. אויסערלעך איז זיין טויט געקומען פלוצעם, אומדערוואַרט. אין דער אמתן איז ער אין זיינע טאָג־טעג־לעכע טויטשפּירונגען גייסטיק געווען באַהאַפטן מיט דער טרעבלינקער וועלט. און אין שעהן פון פיינלעכן טרעב־לינקע־גענום האָט ער עפּעס ווי אומבאַמערקט אויסגעהויכט זיין נשמה".

שיע טענענבוים באַשרייבט אויך אָט די לעצטע טרויע־ריקע טעג פון ז. סעגאַלאָוויטש, אין ניו־יאָרק.

„...ז. סעגאַלאָוויטש האָט זיך שוין דערפילט טויטלעך קראַנק. אים האָט איצט אַפילו באַנג געטאָן וואָס ער איז געקומען קיין ניו־יאָרק. אין תל־אביב איז ער געווען נאָענט צום קאַפע־טישל, נאָענט צום בלויען ים אין פאַרנאַכט, נאָ־ענט צו אַ פריינטס הויז, וועמענס ליב טעכטערל האָט צו אים גערעדט העברעאישע ווערטער מיט איר קינדישן חן... דאָס לעבן איז פאַר אים אין ישראל געווען אַ סך גרינגער. עס האָט אים דאָרט נישט געשטיקט דאָס ענגע, ניו־יאָרקישע האָטעל־צימערל; אויך נישט דער גיפטיקער גאַזאָלין פון ניו־יאָרקער גאַסן; די פאַרשטיקטע און פון מאַסן מענטשן זיך פילנדיקע, שווייסיקע לופט אין היגן סאָבוויי...

אַ טויטלעך־מידער, מיט אַן ערדיק־פינצטערן פּנים, פלעגט ער ליגן אויף די טרעפּ פון דער „פאָרווערטס"־געביידע. אין זיינע אויגן האָט מען געקענט באַמערקן דעם אָנזאָג פון טויט. דער מלאך המוות האָט שוין אויף אים געלויערט. קאָלעגן פלעגן אים אָנקוקן, אַריבערשפּאַנען זיינע לאַנגע, דאַרע פיס און, ווייטער גיין... וואָרעם זיין אומ־היימלעכקייט האָט געשראָקן. דאָס איז געווען די אומהיימ־לעכקייט פון אויסגיין אַן איינזאַמער אין אַ פרעמדער שטאָט. אויף די שטיינערנע טרעפּ איז געלעגן איינער אַ נאָוועליסט, וואָס האָט שוין געהאַט אויסגעליבט די צאָל פרויען וואָס גאָט האָט פאַר אים געהאַט באַשטימט צו באַגעגענען אין לעבן און זיי צו ליבן; וואָס האָט שוין אָנגעשריבן זיין באַשטימטע צאָל ראָמאַנען וועגן דעם יידישן לעבן אין פוילן;

וואָס איז שוין אויסגעזעסן זיין צאָל יאָרן, דורך טויזנטער נעכט, אין די קאַפּעען פון דער וועלט, אָנהייבנדיק פון וואַרשע, פּאַריז, אַמסטערדאַם, תל־אביב און ניו־יאָרק. איינער וואָס האָט שוין געהאַט ערגעץ־וואו אויסגעטרונקען זיין לעצטן כוס מיט וויין און זיך געזעגנט מיט דער לבנה אין אַ לעצטער נאַכט פון נאַקעטער און טרויער איינזאַמקייט".

„דאָס סאַמע לעצטע מאָל וואָס איך האָב אים געזען, איז געווען אין טאָג פון מנחמס לוויה. איך בין צוגעפאָרן צום „פאָרווערטס"־הויז און פון דאָרטן בין איך צוגעגאַנגען צו „גאַרליקס לוויה־הויז". אויפן וועג זע איך אַנטקעגנקומען סעגאַלאָוויטשן, מיט דער וואַקלדיקייט פון אַ סטראַשידלע אין ווינט. זיין הויכע און דאַרע פיגור איז געווען איינגעבראָכן, ווי אַ בוים, וואָס איז געטראָפן געוואָרן פון אַ בליץ. ער האָט אויף גאָטס ערד קוים געטראָגן זיין שלאַבעריקן גוף, וועמעס אברים האָבן שוין געשמאַכט נאָך רו. זיינע פּנים זיינען ווי געזונקען צו דר'ערד. דאָס פּנים איז געווען פינצטער ווי די ערד אין אַ קבר, כאָטש די זון שיינט העל...

— איך פיל נישט גוט. איך בין שווער קראַנק. איך פיל שוין דעם סוף! — האָט ער מיר געזאָגט.

סעגאַלאָוויטש האָט געהאַט אַ שמעק געטאָן צו מנחמס לוויה און ער האָט זיך דאָרט אָנגעזאַפּט מיטן אָנשטעקנדיקן ריח פון טויט. ער איז שוין דעריבער איצט געווען אינגאַנצן פאַרגיפטעט פונעם מלאך המוותס גרויסן כוס מיט גיפט... טאַקע דאָרטן, אין דער ענגשאַפט פון גאַרליקס פיונעראַל־היים, בשעת מנחמס לוויה, האָט אים אוודאי דער טויט געהאַט דערזען און אים אָנגעכאַפּט ביים קאַרק מיט זיין אייזערנער לאַפּע...

עטלעכע טעג שפּעטער, אין אַ שבת אין דער פרי, איז סעגאַלאָוויטש געשטאָרבן אין זיין ענגן, דושנעם צימערל אין „האָטעל יוניאָן סקווער", פון אַ האַרץ־אַטאַק...

אַ פּאָר מינוט פריער האָט ער נאָך באַוויזן צו רופן די שוישפּילערין בעלאַ בעלאַרינאַ, כדי איר אָנצוזאָגן אַז ער

פילט זיך ניט גוט...דעם דיכטער איז שווין לײדער קײנ־
מאָל נישט בעסער געוואָרן...

דער נאָוועליסט פון פוילישן ייִדנטום, דער לירישער פּאָעט פון דער קאַזשמיערזשער היסטאָרישער און פּאָלק־לאָריסטישער לאַנדשאַפט, מיט רײזעלע דעם שוחטס צווישן אירע אַלטע מויערן, און מיט די לעצטע ייִדישע דראָזשקאַ־רזשעס אויפן הינטערגרונט פון אַלטמאָדישע הײזער; דער מיניאַטוריסט פון פײנער און שטימונגספולער פּראָזע; דער מחבר פון „די גאָלדענע פּאַווע", אײנע פון זײנע סאַמע ערש־טע האַרציקע דערצײלונגען פון שטעטל; און צום סוף דער באַקלאָגער פונעם אומגעקומענעם, קולטור־רײכן פוילישן ייִדנטום, איז געגאַנגען שלאָפן זײן אײביקן שלאָף אין דער פרעמדער, ניו־יאָרקער ערד, אין דער געזעלשאַפט פון די היגע פאַרשטאָרבענע ייִדישע דיכטערס, דענקערס און שריפט־שטעלערס"...

## ז. סעגאַלאָוויטש אין פּראָזע

1. סעגאַלאָוויטש איז געווען דער דיכטער פון לע־בעדיקן לעבן, פון דער אַלטאָגיקייט. די וועלט, אין וועלכער ער האָט געלעבט, איז ניט געווען קיין וועלט פון פאַנטאַ־זיעס און חלומות, נאָר די רעאַלע וועלט פון פּוילישע יידן, די ערד פון פּוילן.

„עס האָט יעדער מענטש אין זיין לעבן איין לאַנדשאַפט וואָס בלייבט אין נשמה" — אַזוי האָט סעגאַלאָוויטש לעצטנס געזונגען אין אַ גרעסערער פּאָעמע. סעגאַלאָוויטשעס לאַנד־שאַפט איז געווען די יידיש־פּוילישע. און דאָס מיינט ניט נאָר די לאַנדשאַפט ממש, די נאַטור, די טאָפּאָליען און דאָס „גאָלדענע קאָרן ביי קאַזימיעזש, פּולאַווי, גאַרוואָלין". דאָס מיינט אויך — און אפשר נאָך אין אַ גרעסערער מאָס — די גייסטיק־מאָראַלישע „לאַנדשאַפט" פונעם יידישן לעבן אויף דער פּוילישער ערד.

2. סעגאַלאָוויטש האָט געהאַט די גרויסע מעלה פון קע־נען זיך אידענטיפיצירן מיט דעם ברייטן עולם, דעם טי־פּישן מאַסן - מענטש, דעם עמכדיקן יידישן לייענער. ער האָט ניט מורא געהאַט צו זיין סענטימענטאַל און צו נוצן אַ פּשוטע שפּראַך, ווערטער, וואָס האָבן זיך אַזוי לייכט און זיך געגראַמט און געלאָזט זיך ממש זינגען. ער האָט זיך פאַר אַלעמען אין די אויגן געליבט און איז געווען פאַרליבט אין אַלץ אַרום, און ער האָט זיך ניט זשעניִרט און זיך ניט גע־שעמט פריי צו דערציילן וועגן זיינע געפילן און בענקשאַפטן. עס איז שטענדיק געווען אין אים עפּעס אַ מין אָפנהאַרצי־קייט, פּשוטקייט און אַנטפּלעקטקייט, וואָס איז מעגלעך נאָר

ביי איינעם, וואָס איז אויף אַן אמת „מיט מענטש אַ צוזאַ־
מען". זיין צוטרוי צו די נאָענטע מיטמענטשן איז אַזוי גרויס,
אַז ער האָט מיט דער גרעסטער לייכטקייט זיי אַנפאַרטרויט
זיינע אינטימסטע סודות און געפילן.

פערזענלעך, פריוואַט אין לעבן איז אָט דער הויכער,
שלאַנקער ז. סעגאַלאָוויטש, שטענדיק מיט דער ליולקע אין
מויל, געווען אַ שטאָלצער, אַ אין זיך פאַרשלאָסענער פּאָעט.
אין זיין שרייבן אָבער איז ער דער צוגעלאָזנסטער, אַ האַר־
ציקער און אַן אינטימער, „פּאַניע־בראַט" מיט יעדן „לעזער
און לעזערין".

אין לעבן איז ער געווען דער זעלביקער אינטעליגענט
וואָס יעדער פון אונדז, מיט זיין אייגענער לעבנס־פילאָזאָפיע,
מיט זיינע באַליבטע שרייבערס; געזען אַ וועלט, געלעבט אין
בערלין, פּאַריז און לאָנדאָן. אָבער אין זיין שרייבן איז ער
געווען גאָר איינפאַך און פאָלקסטימלעך, זיך ניט געחכמהט,
און ניט „פילאָזאָפירט."

ער איז אין פּוילן געווען דער סאַמע געלייענטסטער
שרייבער. עס איז שווער צו זאָגן, וואָס אייגנטלעך האָט אים
געמאַכט אַזוי פּאָפּולער. עס איז ניט דער כישוף פון זיין
קינסטלערישער פּערזענלעכקייט. ס'איז ניט צוליב די אי־
דייען, וואָס זיינע ווערק האָבן געפּרעדיקט. עס איז די פּשוט־
קייט און האַרציקייט. אָט זוי ער אַליין באַשרייבט:

די יידישע קלעזמער... די פידלער,
זיי פלעגן דאָך הערצער צערייסן,
די יידישע קלעזמער...

אַזאַ איינער, אַ הערצער־צערייסנדיקער, איז ער אַ לעבן־
לאַנג געווען און געבליבן, אין זיינע לידער און אין זיין
פּראָזע.

וואָס האָט ז. סעגאַלאָוויטש דערגרייכט אין זיינע פיל־
צאָליקע ראָמאַנען און נאָוועלן? וואָס פאַר אַן אָרט דאַרף ער
פאַרנעמען אין דער יידישער ליטעראַטור?

אינעם פעריאָד 1924—1939, האָט דאָס גאַנצע יידישע לעבן און צוזאַמען מיט דעם די יידישע ליטעראַטור, דער־וואַכט פון דער האָפענונגסלאָזיקייט און אַנטמוטיקונג פון פרי־ערדיקן יאָרצענדליק. עס האָבן גענומען שפּראָצן און בליען נייע פרישע שעפערישע כוחות, איבערהויפּט אין דער פּאָ־עזיע. דער נאַציאָנאַלער חורבן אין די וויטערדיקע 6־7 יאָר האָט פון דאָס ניי אַוועקגעשטעלט די גאַנצע אומה און איר ליטעראַטור פאַר די ביטערסטע פּערספּעקטיוון. און גרויס איז דער וואונדער, אַז אויך אין וויטערדיקן פעריאָד איז די ליטעראַטור געקומען צו זיך.

צו אונדזער גרויסן גליק און טרייסט האָט דער פאַר־גאַנגענער פעריאָד אַרויסגעגעבן אַ צאָל גרויסע קינסטלער־טאַלאַנטן. אוודאי זיינען עס אויסנאַמען, זיי צייכענען זיך אויס און שטייגן העכער פון דעם דורכשניטלעכן שרייבער־טום. אָבער אין וועלכער ליטעראַטור, פון וועלכן פאָלק און לשון — איז עס אַנדערש? גרויסע טאַלאַנטן וואַלגערן זיך ניט אויף די גאַסן און אויף די מערק פון ליטעראַטור־פאַר־לאַגן. מעגן די רעקלאַמעס גרילצן און טומלען וועגן דער בעסט־סעלערישקייט פון זייערע צענדליקער אויסגאַבעס, ווייסן מיר אָבער, אַז צענדליקער געדרוקטע ביכער ווערן פאַרגעסן און לאָזן ניט איבער קיין שפּורן פון איינפלוס און אידעאי־שער דערהויבונג. די גרויסע טאַלאַנטן בלייבן אויסנאַמען און זיי באַהערשן דעם לייענער־עולם, זיי זיינען די מייל־שטיינער אויף די קולטור־וועגן פון פעלקער און לענדער.

די צאָל פון אַזעלכע ערשטקלאַסיקע קינסטלער אין דער יידישער ליטעראַטור פון היינט און פון דער ניט־לאַנגער פאַר־גאַנגענהייט איז גאַנץ היפש.

די אַלע ערשטקלאַסיקע שרייבער האָבן אַריינגעבראַכט גרויסע רייכטימער אין דער יידישער ליטעראַטור. עס איז אַ קראַנץ פון ליכטיקע, זוניקע בלומען — אין פאַרשידנ־אַרטיקע קאָלירן און ניואַנסן. גרויסע פאַנטאַסטישע גייס־טיקע שאַפונגען ציען זיך אַלץ העכער און נאָך העכער;

עקסקורסן אין נשמות פון די העלדן — געליטערטע, געפּיי־ניקטע, וואָס האָבן געשטרעבט צו הויכע אידעאַלן; שאַ־פונגען וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט דאָס שיינע און דאָס הער־לעכע אין מענטשן, אין דער סביבה; שאַפונגען וואָס האָבן געוואָגט אַריינצוקוקן אין דער ספערע פון אייביקע פּראָב־לעמען, אויסער צייט און אָרט; שאַפונגען וועגן די סאָציאַ־לע היפּוכים אין דער געזעלשאַפט, די סאָציאַלע מאַסן־קאַמפן אין נאָמען פון די הויכע אידעאַלן פון דער עליטע פון דער מענטשהייט; שאַפונגען וואָס האָבן דורכגעמאַכט צוזאַמען מיטן יידישן פאָלק די היסטאָרישע וועגן פון זיינע ליידן און וואונדן פון מסירת־נפש, קידוש־השם; שאַפונגען וואָס האָבן פאַראייביקט די אוצרות פון דער יידישער שפּראַך, פון דער פאָלקס־חכמה, פון די שיינקייטן פון דער יידישער פרוי מיט איר עניוות און צניעות; שאַפונגען וואָס האָבן באַרייכערט דעם יידישן אויסדרוק און סטיל; שאַפונגען וואָס זיינען גע־וואָרן די יידישע שיינע ליטעראַטור, מיט איר מעלאָדישער שפּראַך, בילדערישקייט, מאָלעריי אין וואָרט און קלאַנג, פון קלוגן הומאָר. הייגט סאַראַ גרויסן ים פון געפילן, וואויל־קלאַנג, פון שיינקייט און וואָרט־מייסטערשאַפט, שטעלט־פאָר די יידישע פּאָעזיע אָנהייבנדיק פון פאָלקסליד און פאַר־ענדיקנדיק מיט לייוויקס מעכטיקע געזאַנגען!

דער יידישער לייענער דאַרף זיך אָפּגעבן אַ חשבון וועגן די דערשיינונגען פון יידישער ליטעראַטור.

יעדער נייער יידישער ראָמאַן — דאַרף זיין אַ טריט פאָרויס, אַ דערגרייכונג, לעקסיש, בילדעריש, פּסיכאָלאָגיש, ריטמיש. דער שרייבער דאַרף ניט זיין קיין קנעכט פון דער טעמע, ער דאַרף זיך פילן העכער פון דעם סיפּור־המעשה, ער דאַרף זיין אָריגינעל, אייגנאַרטיק, זיין אין טראָט פון דער וועלט־ליטעראַטור, ניט יאָגן זיך נאָך סענסאַציע. די אָריגינעלקייט פון שרייבער באַשטייט ניט אין זיין „וואָס", נאָר אין זיין „ווי אַזוי". ער דאַרף זיך פרעגן: ווי לאַנג דויערנדיק איז דער אינהאַלט און די פאָרם פון זיין נייעם

ווערק. האָט ער ניט געפעלשט קעגן זיך, קעגן דעם ווערט פון ליטעראַטור, זוכנדיק „טריקס" און „קונצן" כדי אויס־צוזען אָריגינעל? דער אַריינגעבראַכטער פאַלשער טאָן, די קינסטלעכע צוגעפוצטקייט — וועט קיינעם ניט נאַרן, וועט גרילצן אַזוי ווי טרוקענע זאַמד אויף די ציין.

ז. סעגאַלאָוויטש האָט אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דער שיי־נער ליטעראַטור אויף יידיש. ער האָט עס פאַרדינט סיי מיט זיין פּאָעזיע, סיי מיט זיין פּראָזע — סיי מיטן אינהאַלט פון זיינע פּראָזע־ווערק, סיי מיט זייער סטיל און טאָן, מיט זיין אומעטיקן שמייכל וואָס לייכט אַרויס פון זיינע שאַפונגען. מיט אַלע זיינע קינסטלערישע מיטלען און אייגנאַרטן האָט ער געפאַנגען דעם יידיש־לייענער. ז. סעגאַלאָוויטש איז דער המשך פון יידיש־שאַפונג אין אַ באַשטימטן פּעריאָד.

געוועזן שוין פריער אַזעלכע קורצע אָדער לענגערע תקופות אין וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער יידישער לי־טעראַטור. אַזוי למשל: א. מ. דיק, לינעצקי האָבן געשאַפן אַ שייד־ליניע צווישן ביז־אַהעריקן לייענער און דעם נייעם און גאָר נייעם יונגן לייענער — מיידלעך בעיקר. דער דור פון י. ל. פּרץ האָט זיך פאַרענדיקט, — עס קומט איצט אָן אַ מאַסן־לייענער, וואָס איז יונג, ניט דערצויגן אין קיין מאָ־דערנער שול, אַ דור וואָס איז אין אַ גרויסער מאָס צעטומלט נאָך דער פאַרשפּילטער רעוואָלוציע פון 1905. די נייע לייע־נערס קענען ניט און זיינען ניט ביכולת צו האָרעווען איבער „גאָלדענער קייט" און „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק". זיי ווילן אַ לייכטן בוך, זיך אָפּרוען, זיך פאַרגעניגן טון. די בעסער סיטואירטע פאָרן אַרויס אויף זומער קיין קאַזמיערזש און אַנדערע פּלעצער — אויף דער נאַטור, בלומען, טייכן און טייכלעך. ז. סעגאַלאָוויטש נעמט זיי אָן פאַר דער האַנט און לערנט זיי הנאה האָבן פון גאָטס שיינער וועלט, פון אירע רייכטימער און עסטעטישער עשירות. דאָס איז דער פאַר־דינסט פון ז. סעגאַלאָוויטש. ער האָט געבראַכט דעם נייעם

יונגען יידיש־לייענער דאָס אין וואָס יענער האָט זיך שטאַרק געניייטיקט.

סעגאַלאָוויטשעס צושטייער צו דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור און נאָך מער צו דעם וואוקס פון דער יידישער לייענערשאַפט — איז זייער גרויס. ער האָט צוגעטראָגן שפּייז פאַר גרויסע שיכטן נייע און נייע לייע־נערס. ער האָט זיי געוואונען פאַר דער יידישער ליטעראַ־טור. ער איז געווען זייער טרייסט און זייער העלד. ער האָט זיי געראַטעוועט פאַרן ליטעראַרישן וואָרט בכלל, פאַר עס־טעטישע איבערלעבונגען, פאַר אַריינטראַכטונגען אין זינען פון לעבן. סענטימענטאַלער פאָלקס־ראָמאַן האָט זיין אָרט אין יעדער ליטעראַטור אויף אַ געוויסן שטאַפּל פון איר אַנטוויקלונג. מיט אוממיטלבאַרקייט און אָפנהאַרציקייט, מיט אמתער ניט־געקינצלטקייט און פשטות האָט סעגאַלאָוויטש באַהאַנדלט סיי זיינע לייענער, סיי זיינע העלדן. מיט דעם האָט ער געוואונען זיין פּאָפּולאַריטעט.

יעדער דור האָט זיינע לייענער־אָנפאַנגער. זיי מאַכן די ערשטע טריט אין ליטעראַטור און עס מוזן זיין אָנגע־גרייט די שרייבער־מדריכים, וועלכע וועלן אָננעמען פאַר א האַנט אָט דעם אָנפאַנגער און אים מילד אַריינפירן אין גאָרטן פון דער ליטעראַטור. אין פּוילן איז סעגאַלאָוויטש געווען אַזאַ אונטערפירער און קיין בעסערן האָט זיך די יידישע ליטע־ראַטור ניט געקענט ווינטשן. ער האָט זי ניט פאַרשעמט. זיינס אַ בוך לידער, פּאָעמעס, נאָוועלן, צי גאָר אַ ראָמאַן איז געשריבן פון אַ מענטשן מיט אַ פּאָעטישער נשמה, מיט אַ חוש פאַר פאַרב און קלאַנג; פון אַ מענטשן, וואָס קען מייסטעריש אויפבויען אַ ראָמאַן, וואָס ווייסט ווי אַזוי אים אָנהייבן און ענדיקן. עס איז אפשר קינסטלעריש ניט גענוג געלייטערט. זיין וואָרט בריט ניט, בלענדט ניט. אָבער דער לייענער בלייבט מער ווי ניט־גלייכגילטיק צו אים. ער קען זיך פון זיין בוך ניט אָפּרייסן, ער ווערט אַריינגעצויגן אין קאָך פון דער פאַבולע...

ז. סעגאַלאָוויטש האָט אימפּאָנירט דעם לייענער אויך מיט דעם, וואָס ער האָט אין זיין ווערק אַריינגעפירט פּרויען מיט אמתע און הייסע ליבע-געפילן, מיט ראָמאַנטישע און אַ מאָל אַוואַנטוריסטישע באַגעגענישן, צוזאַמענשטויסן.

סעגאַלאָוויטש לעבט מיטן טאָג, מיטן אינטערעס פון דער מינוט — ווייטע פּערספּעקטיוון פעלן אים. ער האָט ניט קיין אידעאַלן, דערפאַר פאַרלירט ער זיך אַזוי לייכט צווישן „דריי סאָסנעס" פון מענטשלעכע באַציאונגען, אינעם דרייעק פון ליבע. ער מיינט, אַז דאָ עקט זיך דאָס לעבן. ער גלייבט ניט, אַז אין לעבן איז דאָ עפּעס מער ווי אָט די לופ-טיקע שמעטערלינגען-טאָגלינגען. גרויסע סאָציאַלע קאַמפן, פּראָבלעמען — זיינען פאַר אים פונקט אַזעלכע צופעליקייטן, אַזוי ווי אַ שייגער פרוים פאַרראַטן איר העלד. דורכפאַל פון אַ רעוואָלוציע און פאַרראַט פון דער געליבטער —ביידע גלייכע קאַטאַסטראָפעס.

ז. סעגאַלאָוויטש איז דער דיכטער פון „אַזוי איז דאָס לעבן". ער האָט ניט די אַמביציע צו ווערן דער דיכטער פון „אַזוי דאַרף דאָס לעבן זיין". זיין אינטערעס ליגט אינעם היינט, ניט אינעם מאָרגן. זיין סטיכיע איז שאַפן, מאָלן, זינגען. ער פאַרשטייט ניט, וואָס עס הייסט פּרעדיקן, פירן, לערנען. זיין גאַנצע קינסטלערישע שעפערישקייט איז געווען קאָנצענטרירט אויפן יחיד — און דערהויפּט אויף יענעם מעקסועלע „דורכלעבונגען", אויף זיינע „אינטערעסאַנטע גע-שיכטעס מיט פרויען". אַרום האָט אין פוילן געקאָכט — סיי אויף דער יידישער, סיי אויף דער פּוילישער גאַס, סיי צווישן אַרבעטער, סיי צווישן בירגערטום און פשוטע יידן פון אַ גאַנץ יאָר. סעגאַלאָוויטש איז געווען טויב צו דעם. ווי ער האָט אַליין געשריבן אינעם ראָמאַן „אונדזער פרוי" (1930):
„איך בין עגאָאיסטיש גלייכגילטיק צו אַלע רעוואָלוציעס און איבערקערענישן, איך בין מיר אַ וועלט פאַר זיך. איך גלייב ניט אין קיין משיח, מענטשן זיינען גוט און שלעכט פון דער נאַטור... שוואַכע, אונטערדריקטע וועלן שטענדיק זיין, ווייל

עס וועט קיינמאָל ניט אויסגעוואָרצלט ווערן דאָס געפיל פון הערשן" (ז. 2).

עס איז ניט קיין „ניצשעאַנישקייט". ער באַטראַכט זיך ניט פאַרן „העכסטן מענטשן-עקזעמפּלאַר" און „אויבער-מענטש". ניין, עס איז פּשוטער ווילן צו גיין „מיטן ליידיקן טראָטואַר פון גאַס", עס איז אַ מין אַנטלויפן פון לעבן, אַ באַגעניגענען זיך מיט „נייגיריקייט" און גלאַט אַזוי „אינ-טערעס" צום אָרום.

*

לאָמיר דורכלאָזן דורך אונדזער זכרון עטלעכע גרעסערע וויכטיקערע ווערק פון ז. סעגאַלאָוויטש.

**„אייביק איינזאַם"** — דער ערשטער טייל פון דער טרי-לאָגיע „זעליקס יאָרן". צוזאַמענשטויס פון אַ יונגן בחור מיט אַ טעמפּעראַמענטפול ווייבל. זוכט דאָ ניט קיין פּראָב-לעמען פון ליבע, דאָ זיינען נאָר פּרימיטיווע געפילן און איבערלעבונגען. דערביי איז דאָס ווייבל אַקטיוו, און ער, דער בחור, פאַרלוירן, פּאַסיוו, — אַ שטריך וואָס בלייבט כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע וויכטיקערע ווערק פון ז. סע-גאַלאָוויטש. זי — איז די קאַץ, וואָס וויל כאַפּן דאָס אומ-שולדיקע פייגעלע. אַ נאַאיווער דרייעק: אידע, ער, פּומ-פּיאַנסקי — שפּעטער אַן אַנדער דריטער פּאַרטנער: שמער-קע דער טאַנצמייסטער. אַלץ איז פּשוט, אָן טראַגעדיעס; זעליק גייט טאַקע דורך אַ שווערע קראַנקייט, אָבער באַלד... ווידער פון דאָס ניי. דער דרייעק גייט ניט צו ווייט, צו טיף, ניטאָ קיין שווערער אינעווייניקסטער געראַנגל, קיין טיפע פּסיכאָלאָגישע קאָנפליקטן.

דאָס אייגענע אין **„אַנאַרכיסטיש מיידל"**: ער, זעליק, וואָס „האָט שוין דורכגעלעבט צוויי אינטערעסאַנטע גע-שיכטעס מיט פרויען" (ז. 47), איז ווידער געבליבן דער נאַר. עס איז אַ מין רעפּאָרטאַזש פון איינעמס „דורכלעבונגען". ווידער אַ דרייעק: עטאַ, זעליק, מערזער. „מיטן שכל האָט

זעליק פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זי פאַרלוירן און דאָס בעס־טע וואָלט געוועזן אַליין זיך אָפּטראָגן" (ז. 310). נו, ער דאַרף זיך ניט אָפּטראָגן, יעטאַ מיט מערזערן פאָרן אַליין אַוועק קיין פּאַריז. און ווידער — קיינע טראַגעדיעס. גאָר גיך טרייסט ער זיך, זעליק. אָט איז ער שוין אין קאַזמיעזש — און דאָ איז אַניעלע, וואַנדע, אַנקע... „אפשר אויסקלייבן זאָשען פאַר דעם היינטיקן זומער?" (ז. 341). און נאָך: „ער, וועלכער האָט אַמאָל אַזוי געבענקט נאָך דער „איי־נער" — אויסגעלאַכט האָט ער זיך איצט פון יענער צייט" (ז. 336). דאָס איז ניט קיין סעקסועלע הפקרות, פּונקט ווי עס איז פריער ניט געווען דאָס פלאַמענדיקע, אומבאַגרע־נעצטע, אומפאַרגעסלעכע, קרבנות־גרייטע, פאַרטיפט־איכישע פאַרליבטקייט אין דער „איינער". ניין, עס איז ניט מער ווי אינטערעסאַנטע געשיכטעס, דורכלעבונגען.

ווידער אַ דרייעק: ער, אַנקע, וויקעל. געווען מאַן און ווייב. „מיט אַ מאָל... אין אַ פלאָנטער מיטן אייגן ווייב, ער גלייבט איר און גלייבט ניט, ער קען ניט אַרויסקריכן פון די ספקות" (ז. 281). און שפּעטער — „ער טראָגט שוין אין קאָפּ דעם פּעסטן באַשלוס: צעשיידן זיך!" (ז. 350). וואָס איז געשען? ווער־עם שולד איז עס אויף אַן אמת? אפשר ליגט די שולד אין זעליקן גופא, אפשר איז ער ניט גענוג קלוג און אינטעליגענט צוצובינדן צו זיך אַזאַ קאַלירפולע פרוי ווי אַנקע? אפשר איז ער צופיל אַריינגעטאָן אין זיך, צו עגאָצענטריש, פאַרמאָגט ניט קיינע ברייטערע אינטערעסן אויף צוצובינדן אַנקען? איז עס טאַקע נאָר אַ פראַגע פון „קליידלעך און היטעלעך"? ניין, עס פעלט פאַרטיפונג אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דער גאָר־ניט־דורכשניטלעכער פרוי, עס פעלט חשבון־הנפש וועגן דעם אייגענעם נשמה־צושטאַנד.

„דעם וועבערס טאָכטער". אָרעמשאַפט פון ביאַליסטאָ־קער כאַנאַיקעס, פּיאַסקעס, די וועלט פון אַרבעט. זשאַמעלע לייענט שוין אומלעגאַלע ביכלעך, פאַרזאַמלונגען אין וואַלד — „דו ווייסט זען, עטל! עס וועט זיין אַנדערש, מיר'ן דאָס נאָך איבערלעבן. עס וועט זיין אַנדערש ווי איצט!" (ז' 55).

עטל נייט שוין אויס אַ פּאַן: „זאָל לעבן דער 8־שעהדיקער אַרבעטסטאָג" (ז' 75), און זי האָט טאַקע אַליין בעת אַ דעמאָנסטראַציע די פֿאָן געטראָגן. אָבער איר דאַרפֿט ניט דערוואַרטן, אַז דאָ וועט זיך פֿונאַנדערוויקלען אַ לייוונט פֿון קלאַסנקאַמפֿן, פֿון רעוואָלוציאָנערע אַרויסטריטן, פֿון בונדישער באַוועגונג, פֿון מלחמה מיטן צאַריזם, פּאָגראָמען. ניין, עטל, וואָס „איז געוועזן דער שטאָלץ פֿון דער אַרבעטער־מאַסע", גייט אַוועק אויף אַן אַנדער וועג: „צו 20 יאָר פֿון איר לעבן האָט זי אָנגעהויבן די געשיכטע מיט דעם זון פֿון רייכן פֿאַבריקאַנט, די געשיכטע מיט מאַקסן" (ז' 78). און פֿאַרשטייט זיך, דער רייכער זונדל פֿאַרפֿירט דאָס פּראָלעטאַרישע מיידל. זי געבוירט אַ קינד פֿון אים, אָבער ער וויל פֿון איר ניט וויסן. ווען חברים ברענגען אים, דעם כלומרשטן סאָציאַליסט, פֿון וואַרשע, מיט גוואַלד — ברעכט אויס די שטאָלצע עטל: „זאָל ער אַוועקגיין פֿון דאַנען, זאָל ער שוין אַוועקגיין" (ז' 117). און דעמאָלט וואַרפֿט זי זיך צו איר קינדהייט־פֿריינד זשאַמען און האָט חתונה מיטן דאָזיקן הויקער... אָבער דאָ קומט ערשט צו אַ נייער דרייעק: עטל, זשאַמע, „יאַנקל אַריסטאָקראַט", אַ פּראָלעטאַריער מיט לאַקירטע שיך. דער גוטהאַרציקער זשאַמע איז אינגאַנצן פֿאַרלוירן, ווייל יאַנקל איז אַ ברוטאַלער יונג, ער האָט אַפֿילו געפּאַטשט עטלען. „געראַטעוועט" עטלען האָט איר פּראָלעטאַרישע קראַנקייט — טובערקולאָז, און זי גייט אַוועק פֿון דער מיאוסער וועלט. (דער זעלביקער סוזשעט איז אויך אין דער „ווילדער צילקע").

עס איז אַן אמת דינעזאָנישער ראָמאַן. רירנדיק, אויפֿריכטיק, מיט אַן אויסגעהאַלטענעם סיפּור־המעשה. פֿאָלקסטימלעך־ראָמאַנטיש. אַ רחמנות אויף עטלען. נאָך אַ גרעסערער רחמנות אויפֿן הויקער זשאַמע. אַ טיפּישער סענטימענטאַלער־וויטש־ראָמאַן.

ברידער נעמזאָר. אין 1933 האָט דער פֿאַראיין פֿון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין וואַרשע אַרויסגעגעבן

א זאמלבוך לכבוד ז. סעגאלאָוויטשעס 30־יאָריקן שרייבער־יובל. וו. לאַצקי־בערטאָלדי איז דאָ איינער פון די 12 יידיש־שרייבערס און דיכטערס וואָס האָבן ביַיגעטראָגן עסייען צו־געפּאַסטע צו דער געלעגנהייט. לאַצקים עסיי טראָגט דעם נאָמען „ז. סעגאלאָוויטש" און אַנטהאַלט דריי קאַפּיטלען. איינער פון זיי באַהאַנדלט סעגאַלאָוויטשעס ראָמאַן „ברי־דער נעמזאָר". לאַצקי האַלט אַז צוגלייך מיט דער פּאָעמע „אין קאַזמיערזש" און מיט דער נאָוועלע „די גאָלדענע פּאַ־ווע" — שאַפט דער ראָמאַן „די ברידער נעמזאָר" די הויך־פּונקטן פון סעגאַלאָוויטשעס שאַפונגען.

אויב מיט די נייַנצן בענדער ראָמאַנען און נאָוועלן האַלט סעגאַלאָוויטש פעסט אין די הענט טויזנטער און טויזנטער יידישע לייענערס, וועט ער מיט די אויבנדערמאָנ־טע דריי כתבים זיינע זיכער און פעסט האַלטן זיין אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור.

דער ראָמאַן „די ברידער נעמזאָר" איז אַ געזונט ווערק, עס שטראָמט פון אים מיט ריינער וואַלד־לופט, מיט מונטערער אַרבעטס־ענערגיע און, דער עיקר, עס שטראַלט פון אים מיט האַרמאָנישער גאַנצקייט: דאָס זיינען ניט קיין אָפּטע מעלות ביי יידן, וואָס האָבן ליב גיכער געבראָ־כענע הערצער און איינגעבויגענע רוקנס.

די גרינגקייט, די גראַציעזע שפּילעוודיקייט פון סעגאַ־לאָוויטשעס שפּראַך פּאַרפירט אָפט צו פּונקט אַזאַ גרינגן און ניט זעלטן לייכטזיניקן פּסק־דין איבער זיין שאַפן.

„און פונדעסטוועגן האָט סעגאַלאָוויטש מיט זייַנע גרינג־גראַציעזע מיטלען אויסגעפונען אַזאַ וואָגיקע געשטאַלט, ווי קובא נעמזאָר, וואָס שפּיגלט אָפּ אין זיין גייסטיקן מהות די מענטשן אויף דער גרענעץ פון צוויי תקופות, פון צוויי וועלטן, פון מזרח און מערב, פון רוסלאַנד אין די „אַנדערע לענדער" און וועט דעריבער פאַרבלייבן אַ שם דבר און אַ סימבאָל אין דער יידישער ליטעראַטור פאַר דער צייט פון נאָך דער וועלט־מלחמה.

„סעגאַלאָוויטש האָט ניט ליב דעם נאַציאָנאַלן קרעכץ, און אין דעם פּרט מעגט איר זיך ניט שטאַרק רעכענען מיט זיינע סענטימענטן, בעת איר שטויסט זיך אָן ביי אים אויף שורות פון סקאַרבאָוון נאַציאָנאַלן צער. און פונדעסטוועגן וועט איר זעלטן געפינען אין דער יידישער ליטעראַטור אַזאַ בולט בילד פון דער יידיש־פּוילישער מה־יפית טראַגעדיע, ווי אין נעמזאָרס יאַגעניש נאָך דעם געפּאַלענעם פּוילישן שליאַכטשיץ קאָסטניצקי, אַ יאַגעניש נאָך קוראָפּאַטוועס איבער וועלדער און פעלדער מיט דער איינציקער כוונה, אַז דער דעקאַדענטישער פּוילישער יורד זאָל לייטזעליקן און פאַרקויפן נעמזאָרן בראַניצקיס וואַלד. סעגאַלאָוויטש טייטלט ניט מיט די פינגער: פונקט אַזוי ווי ער באַשרייבט אייך אַ שניי אין וואַלד, די אַרבעט פון אַ גאַטער אויף אַ זעגמיל, די לוויה פון אַ וואַלד און די פּסיכאָלאָגיש־ראָמאַנטישע סודות פון אַ ווינטעלע, — מיט דער אייגענער גראַציעזער שפּילעוודיקייט צייכנט ער אייך אויף זיין לייוונט אַ יידישע טראַגעדיע, וואָס וועט זיך איינקריצן אין אייער זכרון שטי־לינקערהייט.

„קובאַ נעמזאָר איז דער געזונטער טיפּ פון יידישן פּיאָ־נער אונטערנעמער, וואָס אַרבעט מיט לייב און לעבן, מיטן אמתן ברען פון אַ פּראָדוקטיוון שעפער, וואָס גלויבט אין זיין נויטיקייט און נוצלעכקייט אויף דער וועלט און זעט באַשיימפּערלעך די אויפטועריש פּעולות פון זיין אַרבעטס־ענערגיע. אָבער ער לעבט אין אַ תקופה, וואָס האָט זיך געשפּאָלטן אין צווייען: אין אַ וועלט, וואָס איז אַראָפּ פון אירע יסודות, און קובאַ נעמזאָר אַרבעט מיט קרע שבלב, מיט אַ ריס אין האַרצן, עס פעלט אים די תמימות פון די אַמאָליקע אונטערנעמער, וואָס האָבן באַשאַפן די קאַפּיטאַ־ליסטישע וועלט. רוסלאַנד, דער ספינקס, דאָס רעטעניש רוס־לאַנד האָט אויפגעשטעלט אַ פראַגע־צייכן איבער דעם גאַנצן קאַפּיטאַליסטישן אונטערנעמערטום, און קובאַ נעמ־זאָר האָט מורא „פאַר די פרעמדע הענט", וואָס שאַרן זיך צו זיין פאַרמעגן, צו זיין ווייב, און, דער עיקר, צו זיין אי־

ניציאַטיוו, צו זיין ענערגיע, און ער גייט אַוועק וואָס ווייטער פון רוסלאַנד, זוכן אין אַמעריקע, אין קאַנאַדע, אַ ברייטערן אַרבעטס־פעלד, אַ מער זיכערן באָדן פאַר זיין גלויבן אין מענטשלעכער אונטערנעמערישער איניציאַטיוו".

ווי איר זעט, איז „ברידער נעמזאָר" אַ גרויס־בירגערלעכער ראָמאַן, דער קינסטלערישער ענטפער סעגאַלאָוויטשעס אויף זיין אייגענעם קרע שבלב: עס בלאָזן אין אים די ווינטן פון אונדזער צייט און עס ווערט אין אים געזונגען אַ לויבגעזאַנג דער אונטערנעמערישער שעפערישער פערזענלעכקייט. אַ חטא! — וועלן מן הסתם זאָגן לייט פון איין זייט באַריקאַדע. אָבער שיין געזינדיקט, וואָרעם, שיין געשריבן! וועלן אויף דעם ענטפערן ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור".



„ראָמאַנטישע יאָרן" (וואַרשע 1924).

דאָס איז אַ סאָציאַלער ראָמאַן, הגם אויפן שער־בלאַט איז אַזוינס נישט אָנגעוויזן. פאַראַן אויך דאָ אַ ליבע־טעמע, אָבער צוויי־דריטל פון בוך פאַרנעמט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין ביאַליסטאָק. דער „בונד" ווערט נישט אָנגערופן ביים נאָמען. אַ סך זייטן פאַרנעמען די אַנאַרכיסטן — זייער באַוועגונג, זייערע הויפּט־פיגורן, זייערע ווילדע טעראָר־אַקטן. דער העלד פון דעם סאָציאַלן ראָמאַן איז ער, זוסמאַן סעגאַלאָוויטש, — אויך ער ווערט נישט פאָרגעשטעלט ביי זיין נאָמען. מיר ווייסן אויך נישט וואָס מיט אים איז געשען פאַר דעם, וואָס נאָך דעם.

עס איז אַרום יאָר 1905, בעת דער רעוואָלוציע און נאָך דעם. אַלץ גייט אין נאָמען פון דעם דערציילער, ווי אַ רעפּאָרט פון אַ יחיד, עפּעס ווי אַ צוגרייט צו אַ שפּעטערדיקן אויפריכטיקן ווידוי פון אַ געוועזענעם רעוואָלוציאָנער, אַ בונדיסט. עס איז נישט קיין קינסטלערישע רעאַליסטישע מאַלעריי, אָן פּסיכאָלאָגישע אַנאַליזן און מאָטערנישן. אַלץ פליסט לייכט, שטיל און געווינט דעם צוטרוי פונעם לייענער.

איז עס געשיכטע פון „בונד״? עס איז מאַטעריאַל צו דער דאָזיקער געשיכטע, עס גיט אונדז די אַטמאָספערע פון יענעם פעריאָד, אַ פּאָר מאָל ווערן אַפילו אייניקע בונדיסטן אָנגערופן ביי זייער אמתן נאָמען (ווירגילי, בערל דער דרוקער).

איך האָב דאָ געבראַכט די גרויסע ציטאַטע פונעם עסיי פון גייסטרייכן שרייבער און דענקער וו. לאַצקי, כדי צו ווייזן דעם אינטעליגענטן לייענער ווי אַזוי די יידישע ליטעראַטור-קריטיק מאַטערט זיך צו פאַרשטיין דעם מהות פון ז. סעגאַלאָוויטשעס טאַלאַנט און שעפערישקייט. עס איז לייכט אָוועקצומאַכן מיט דער האַנט און שטעלן אַ צייכן פאַר כלומרשטער אומבאַהאָלפנקייט פון אַזאַ דיכטער און נאָוועליסט, פאַר זיין קינסטלערישער „אויבנאויפיקייט״. אין דער אמתן האָבן מיר צו טאָן מיט אַ ברייט-פאַרנעמיקן שרייבער וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן חשבון פון דעם וואָס ער איז.

מיין אַרבעט וואָס איך ברענג דאָ, — איז ניט קיין אַפּאָלאָגיע, פאַרענטפערונג פון ז. סעגאַלאָוויטש, נאָר אַ ווילן צו פאַרטיפן זיך אין זיינע שאַפונגס-מעטאָדן, אין זיינע שוואַכע און שטאַרקע בילדער. אין אַ וויטערדיקן קאַפּיטל באַהאַנדל איך ז. סעגאַלאָוויטשן ווי דעם מקונן פון אונדזער נאַציאָנאַלן חורבן. אָבער אַפילו אָן דעם גרויסן ביטראַג פאַרנעמט ז. סעגאַלאָוויטש אַ גענוג גרויסן און וויכטיקן אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור — צוליב די שיינקייטן און חנעוודיקייט פון זיינע ווערק. דאָס איז דער מהות, דאָס איז דער פאַרמעסט פון אונדזער קריטיק.

זוסמאַן דערציילט ווי אַזוי מען האָט אים, דעם יונגן בחור, אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג: „עטלעכע באַקאַנטע, האַלב-באַקאַנטע, האָבן שוין אַ פּאָר מאָל פאַרפירט אַ שמועס מיט מיר... געגעבן אָנצוהערן אַז די וועלט איז זייער שלעכט אָוועקגעשטעלט געוואָרן, און גוט וועט זיין נאָר דעמאָלט, ווען די גלייכהייט וועט אַראָפּקומען. איך האָב זיך גענומען צוהערן און געוואָרן פאַרזיכטיק״. מען שטעלט

אים צו ביכער, בראָשורן, אומלעגאַלע זשורנאַלן. דער פּי־רער פון דער אָרטיקער באַוועגונג, נחקע, געווינט זיין צו־טרוי און דרך ארץ. זוסמאַן איז געוואָרן אַ „זייערער”. ער שענקט אַ סך צייט דער באַוועגונג און אין גיכן ווערט ער אַ מיטגליד פון קאָמיטעט”. ער אָרגאַניזירט און באַטייליקט זיך אין „סכאָדקעס” און פאַרזאַמלונגען. איז אויסגעמישט מיט אַלעמען אויף דער „בירזשע”. שפּיאָנען גייען אים נאָך, ער ווערט אומלעגאַל, האָט ניט קיין שטענדיקע אייגענע וואוינונג, נעכטיקט אָפט אויפן בית־עולם.

אינעם דריטן קאַפּיטל באַווייזט זיך לינע, די יונגע טאָכ־טער פון אַ רייכן פאַבריקאַנט, זי איז פאַרכאַפּט פון איר פאַראינטערעסירטקייט און סימפּאַטיע צום יונגן זוסמאַן. עס הייבט זיך אָן וועבן אַן אינטימע ליבע. ווי שטענדיק ביי סעגאַלאָוויטשן איז די פּרוי דער אַקטיווער עלעמענט. אין גיכן וועט פּאָר זוסמאַנען שטיין די שווערע פראַגע: לינע אָדער די באַוועגונג. לינע פאַרלאָזט די רייכע משפּחה, נעמט אַ קליין צימערל, הייבט אָן געבן לעקציעס, פאַרדינט, — זי פירט אַ ניי לעבן, זיך באַפרייט פון דער קליינבירגערלע־כער סביבה און אירע קליינקעפּלדיקע השגות. לינע מאַטערט אים:

— „אַז איך וועל פאַרלאַנגען, וועסטו אַלע חברים אַוועק־וואַרפן... ניין? יאָ? ניין?” — „איך בין אַ ביסל צעטומלט געוואָרן פון אַזאַ איינפאַל.”

די באַוועגונג צעוואַקסט זיך. „מען פלעגט מיר איבער־געבן די פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט, מען פלעגט מיר פאַר־טרויען די גרעסטע סודות... און דאָ מיטאַמאָל אַ פאַרלי־בעניש”... לינע פּרואווט אים איינרעדן: „לאָמיר אַוועק־פאָרן פון דאַנעט, פון אַלעמען אַוועקפאָרן... ווייט, ווייט”... עס קומען פאָר אַ סך אַרעסטן צווישן די וויכטיקסטע טוערס פון דער אָרגאַניזאַציע. זוסמאַן וואַרפט זיך נאָך מער אַריין אין דער אַרבעט פון דער באַוועגונג, זעלטן מיידט ער אויס אַ פאַרזאַמלונג, אַ זיצונג, כדי צו זען זיך מיט לינען. ספקות גיבן אים ניט קיין רו, — ביז... ער ווערט אַרעסטירט,

זיצט אין תפיסה, אָן האָפנונג צו באַפרייט ווערן. לינע קומט צו אים אַ פּאָר מאָל אויף אַ זעאונג. זי נוצט אויס אירע אַלע פאַרבינדונגען, כדי צו באַפרייען זוסמאַנען. דאָ אין תפיסה זיצן אויך אַנאַרכיסטן, עס וואַרטן אויף זיי שווערע פּראָצעסן. אויף אַ גרויסער צאָל דרוקזייטן ווערט געשילדערט דאָס לעבן אין תפיסה — אַט איז שוין אַריבער פּרייליגג, ווינטער, קיין ליכטיקע אויסזיכטן ניטאָ. די באַשרייבונגען זיינען גרוי און אומעטיק, פון קנאַפּן קינסטלערישן ווערט.

זוסמאַן ווערט באַפרייט פון דער תפיסה, אָבער דער גורל פון לײדן איז פאַר אים נאָך ניט פאַרענדיקט. ער מוז אַדורכמאַכן לאַנגע וואָכן גיין צו פוס מיטן עטאַפּ, ביז ער קומט צו זיין היים. ער קערט זיך אום צו זיין אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע. די דונערן פון דער 1905 רעוואָלוציע דערנענטערן זיך... און דאָך דערפילט ער עפּעס אַן ענדערונג איז פאָרגעקומען אין אים פאַר דער צייט פון עטלעכע מאָל זיצן אין די צאַרישע תפיסות.

„איך דערפיל איך בין געוואָרן אַן אַנדערער. איך וועל דאָס קיינעם ניט אויסזאָגן. נאָר איך בין געוואָרן אַן אַנדערער. איך האָב פרייע הענט און איך וויל שטענדיק האָבן פרייע הענט" (ז' 114). „איך האָב באַשלאָסן אַוועקצוגיין פון דער אָרגאַניזאַציע, ווייל איך בין אַליין פאַר זיך געוועזן אַ גאַנצע אָרגאַניזאַציע"... (ז' 115). „איך בין זיך אַ וועלט פאַר זיך, אַ פאַרבאָרגענע וועלט. קיינער טאָר זיך אין מיין וועלט ניט אריינמישן"... (ז' 116). אוודאי האָט דאָ אַ חלק לינע אין זיינע איבערטראַכטונגען. אויך די רעוואָלוציע וואָס דערנעטערט זיך אַלץ מער פאָדערט פון זוסמאַנען אַ קלאָרע דעציזיע — אָרגאַניזאַציע אָדער לינע. דערווייַלע וואָס פראַוועןאיר אַרויס די עלטערן קיין אויסלאַנד און זי שרייבט בריוועלעך צו זוסמאַנען.

לויט סעגאַלאָוויטשעס ליטעראַרישע מוסטערן און פּלענער דאַרף מען דערוואַרטן אַ געוויינטלעכן „דרייעק". אַזעל-

כער איז טאַקע דאָ: דער שוואַרצער באָרים, אַן אינטעלי־גענט, גרייט זיך צו באַקומען אַ גימנאַזיע־דיפּלאָם... דאָס רופט אַרויס אומרו און אומזיכערקייט ביי זוסמאַנען. לינע פאָדערט אַ קאַטעגאָרישע תשובה. „דיך האָב איך ליב און מיט דיר וויל איך אַנטלויפן, מיט דיר אומעטום, נאָר זיי אַלע (די באַוועגונג) זענען מיר פרעמד. איך וויל זיך ניט גע־נאַרן" (ז' 14). דערצו איז עס נאָך געווען די צייט פון „פריע ליבעס"... אָבער באָרים איז אַן אָרנטלעך־אַנשטענדיקער אינטעליגענט, ער וועט ניט נאַרן זיין פריינד זוסמאַן. לינע שרייבט ברייוו, זוסמאַן ענטפערט ניט. „איך האָב דעמאָלט ניט געהאַט אין וואָס צו גלויבן" (ז' 208).

„ראָמאַנטישע יאָרן" — איז אַ טיפּיש כאַראַקטעריסטי־שער סעגאַלאָוויטש־ראָמאַן. סענטימענטאַל, צייטנווייז נאַ־איוו. וואָס אייגנטלעך קומט פאָר אין זוסמאַנען? סעגאַלאָ־וויטש גיט ניט קיין קלאָרן ענטפער. ער פאַרטיפט זיך ניט אין זיין פסיכאָלאָגיע. אויך דער שוואַרצער באָרים, זיין האַל־טונג, זיין לעבנס־פילאָזאָפיע, זיינען נעפּלדיק, ניט קאָנסעק־ווענט. וועט נאָך זוסמאַן זיך אומקערן צו לינען? וועט באָ־רים בלייבן דער זיגער? צו וואָס גיט סעגאַלאָוויטש אַף אַזוי פיל צייט די אַנאַרכיסטן, דער כלומרשטער אָרגאַניזאַציע, זייערע העלדן? אויך נחקע, דער בונדישער פירער, איז גע־שילדערט וואַסערדיק, סימפּליצירט. איז ער באמת דער דיק־טאַטאָר אין דער ביאַליסטאָקער אָרגאַניזאַציע? אין וואָס איז זיין כוח? צוליב וואָס איז אַ גאַנץ קאַפּיטל אָפּגעגעבן דעם שייגעץ אָלעק, וואָס ווערט אַ געטרייער בונדיסט און פאַר־טיידיקט פלאַם־פייערדיק די „קולטורעלע אויטאָנאָמיע" און קעמפט קעגן די ציוניסטן? געדענקען דאַרף מען דערביי אַז דער ראָמאַן איז געשריבן אין יאָר 1924, ד"ה 20 יאָר נאָך יענע באַשריבענע געשעענישן און אַקציעס. און נאָך וואָס פאַר אַ תקופה אין דעמאָלטיקן יידישן לעבן! אָבער אין די „ראָמאַנטישע יאָרן" גייט אַלץ אַדורך גלאַטיק, זעלבסט־פאַרשטענדלעך... זאָל עס זיין סעגאַלאָוויטשעס פּרוּווּ צו שרייבן אַ היסטאָרישן ראָמאַן? איז טאַקע סעגאַלאָוויטש

אליין געווען אַן איבערצייגטער, אַ באַוואוסטזיניקער בונ־דיסט, סאָציאַליסט וואָס זוכט צו פֿאַראייביקן דעם „בונד", הגם נאָר אין די גרענעצן פֿון אַ לאָקאַלער אָרגאַניזאַציע.

„איך, זי און ער".

דאָס איז ניט קיין ראָמאַן וואָס נעמט אַרום איין טעמע, איין העלד אא"וו. דער האַזיקער טיטל איז אייגנטלעך דער טיטל פֿון אַ דערציילונג אין בוך און האָט ניט קיין שייכות צו אַלע 30 דערציילונגען — נאָוועלעטן וואָס קומען ווייטער אין בוך. אַ געוויסע צאָל פֿון די דערציילונגען פֿאַרנעמען זיך יאָ מיט דער טעמע „איך, זי און ער" — אָט דער געליבטער איז די געווינטלעכע טעמע פֿון ז. סעגאַלאָוויטשעס אַ גרוי־סער צאָל ווערק. ס'רוב דערציילונגען פֿאַרנעמען זיך דאָ מיט צופֿעליקע געשעענישן, עפּיזאָדן, באַגעגענישן, איבערלעבונ־גען פֿון די העלדן. גראָד די נאָוועלן זיינען קינסטלעריש, די ווערטפּולסטע, אויסגעהאַלטנסטע, שפּראַכלעך־ציכטיקע, ביל־דעריש און פּסיכאָלאָגיש גוט געבויט און אויסגעפֿירט. מערסטנס פֿעלט אין זיי דער סענטימענטאַליזם און די סעקס־יאַלעניש, די ליבע־טראַגעדיעס פֿאַרנעמען געניג פּלאַץ אין סעגאַלאָוויטשעס שאַפֿונגען. אַ געוויסע צאָל פֿון די קור־צע נאָוועלן צייכענען זיך אויס אין זייער מדרגה מיט מעלות פֿון טרעפֿלעכן פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז, פֿון גרויס פֿאַרשטענ־דעניש צום מענטשנס פֿאַרלוירנקייט, מאַטערנישן און זו־כענישן, — ניטאָ אין זיי קיין שינאה, סאַרקאַזם, פֿאַרקערט, ס'איז דאָ אַ סך ליבשאַפֿט און וואַרעמקייט פֿאַר די העלדן.

אַ פּאָר מוסטערן פֿון דעם מין וועלן מאַכן קלאָר דעם כאַראַקטער פֿון אָט די קורץ־געפּאַסטע נאָוועלן אין בוך.

מאַמעלע — אַזוי רופֿט די פֿרוי איר מאַן, איגנאַץ פֿיינ־זילבער, פּראָפֿעסאָר פֿון געזאַנג. זי קעכלט אים, עס זאָל קיין האָר אויף אים ניט פֿאַלן. לעקציעס פֿון זינגען גיט ער אין דער היים, אין זייער שיינער גרויסער וואוינונג. קיין קינדער האָבן זיי ניט. זייער לעבן איז גרוי, אומעטיק, איינ־זאַם, פּוסט. דאָס עסן — איז ביי זיי אַ הייליקע פֿייערלעכע

פּראָצעדור. ווען זי דערזעט צופעליק ער גיט אַ קוש אײנער פון זײנע שילערינס, ווערט זי חלילה ניט באַלײדיקט, זי ווינטשט אים, פאַרקערט — ביסט אַ גרויסער נאַשער בײ מיר, ביסט אַ נאַשער „מאַמעלע". ער נעמט עס אָן מיט גרויס ווירדע און ענטפערט: „איך בין שוין גאָרניט קײן נאַשער, באָנקע מײנע, איך בין אַ קינסטלער, פאַרשטײסט"...

„**אַ סצענע אין קאַפע לאַ ראָטאָנד**" (פּאַריז). עס קומען זיך צונויף קינסטלער, מאָלער, פון באַקאַנטן מין, הונגעריקע, אַמביציעזע, לעבן מיט גוטע האָפענונגען און אַ טעפל קאַווע. מיט אַ מאָל קומט אַרײן אַ פּאָרל: ער אַן אַמעריקאַנער, זי — אַ שײנהײט, מיט לאַנגע, לאַנגע ברעמען. אײנער פון די מאָלער נעמט אַרויס זײנע מכשירים און הײבט אָן צײכענען אין פּראָפיל די דאַמע מיט די טונקעלע ברעמען. אַרום דעם מאָלער איז געוואָרן אַ שטימונג פון קדושה, באַגײסטערונג. ווען דער מאָלער האָט געענדיקט, קומט צו דאָס פּאָרל און דער אַמעריקאַנער פרעגט: „מוסיע! פאַרקויפט עס מיר, וויפל ווילט איר פאַר דער צײכענונג?" — דער מאָלער ענטפערט: „100 דאָלער, מוסיע!" דער אַמעריקאַנער נעמט אַרויס אַ גרינע אַסיגנאַציע און לײגט אַוועק אויפן טיש 100 דאָלער. דער יענקי גיט אַ בײזן שמײכל און צערײסט די צײכענונג אויף פּיצלעך. דער מאָלער רעאַגירט אויף דעם באַלד — מיט דער זעלביקער אײליקײט צערײסט ער די אַסיגנאַציע אויף שטיקלעך, ברעקלעך... דאָס פּאָרל פאַרלאָזט די קאַפע. די מענטשלעכע ווירדיקײט האָט געפײערט אַ שטילן זיג. דעם מאָלערס קאָלעגן באַשטעלן פאַר די לעצטע פאָר גראָשן אַ ביסל ווײן, פאַר אַלעמען קיראַסאָ...

„**דעם גנבס ליבע**". אין תפיסה, צווישן די קרימינעלע אַרעסטאַנטן געפינט זיך אַ יידישער קעשענע־גנב וואָס זײן נאָמען איז געווען פּאָפּולער אין גאַנץ רוסלאַנד. **אַבקע** האָט געהאַט אויף דער פרײהײט אַ כלה, — און עס פײניקט אים דער געדאַנק אַז זי הוליעט דאָרט מיט אַנדערע מענער, און עס ברענט אין אים אַ נקמה־געפיל: די געלע צויג, איך

וועל זי דערשטיקן"... פלוצלינג באַווייזט זיך דאָ די „גע־לע". זי איז צוגעקומען צום פענצטער: „אַבקע, וואָס מאַכ־סטו? וואָס ביסטו אין כעס?" — „מיט דעם טויבן שלעפּסטו זיך אַרום". — „אָבער אַבקע, ס'איז דאָך אַ ליגן". מיט אַ מאָל קומט פאַר אַ שרעקלעכע ווילדקייט: אַבקע האָט האַסטיק אַרויסגערוקט אַ האַנט דורך דער קראַטע און אָנגעכאַפּט דער „געלערס" קאָפּ האָר. זי שרייט, האַלב פאַר־חלשט, ער רייסט די האָר מיט גרעסטער אַכזריות. דער שומר האָט קוים מיטן שווערד אָפּגעשניטן אירע האָר...

קאָמענטאַרן? ניט נויטיק...

„רויך פון אַ ליולקע", פּופּצנטער באַנד, פאַרלאַג בזשאָזע. וואַרשע 1928.

פּונקט ווי דער באַנד „איך, זי און ער", אַזוי איז אויך דער „רויך פון אַ ליולקע" ניט קיין ראָמאַן, מיט אַן אייג־הייטלעכן סיפּור המעשה, און איז אויך ניט קאָנצענטרירט אויף דער טעמאַטיק פון עם אייביקן קאָנפליקט צווישן מאַן און פרוי. עס איז אַ זאַמלונג פון אַ צוויי צענדליק קליינע דערציילונגען, נאָוועלן — מיט טעמעס וואָס האָבן אַ קנאַ־פּע שייכות איינער צום צווייטן.

די דריי־עק נאָוועלן זיינען אין בוך די שוואַכסטע לויט זייערע גענוג שוין אויסגעניצטע פּאַסירונגען און צוזאַמענ־שטויסן, מיט די שאַבלאָנע שמועסן, סודות און האַרץ צו האַרץ אַנטפּלעקונגען. צוויי־דריי גרופּעס דערציילונגען נע־מען אַריין די טעמעס וועגן אָדער דער נאַטור (ים, קרימער בערג, וועלדער, שניי), אָדער דעם מענטשנס בענקשאַפטן, זיין ווילן זיך צו באַפרייען פון דער מאָנאָטאָנישקייט און פּוסטקייט אין זייער לעבן, — טיפן פון אייביקער איינ־זאַמקייט.

אַ דריטע גרופּע איז בילדער פון פּאַריז, פון פּאַריזער מיידלעך, ניט קיין הפקרדיקע פּראָפעסיאָנעלע אויסגעלאַסנ־קייט. זיי זיינען פריינד מיט די סטודענטן און קינסטלערס

און קענען אָנצינדן פרייד און טאַנץ, פאַרשאַפן גליק און באַפרייען פונעם אומרו און פיזישן און גייסטיקן הונגער.

**
*

בלאָנדזשען אַרום צוויי „איינזאַמע" מענער, איינער איז מקנא דעם צווייטנס פאַמיליען-גליק. וויזט זיך אַרויס, ביי־דע זיינען אומגליקלעך. „איך בין גליקלעך, זאָגסטו? אָך און ווי איז אונדז ביידן!" — אַ צווייטער, אַ מאָלער, ליידט פון דעם ווייבס יאָגענישן נאָך רייכע פּוטערס, זי ווייסט אַז ער האָט ליב צו טוישן די קראַוואַטן זיינע, לויפט זי אַרום און זוכט אויס נאָך און נאָך אָריגינעלע מוסטערן און ברענגט אים מתנות, אַלץ כדי אַרויסצוזעמען פון אים וואָס מער געלט. די דערציילונג ענדיקט זיך מיט דעם, אַז דער מאָלער האָט זיך אויפגעהאָנגען מיט דער הילף פון אַ צאָל קראַוואַטן... די טעמע, דער „עפילאָג" — זיינען ניט אָריגינעל, די פּסי־כאָלאָגיע ניט איבערצייגנדיק, די טיפּן ניט פולבלוטיק.

פאַראַן אָבער אין דעם באַנד נאָוועלן פון אַ מער ערנסטן כאַראַקטער, באַאַרבעט און אויסגעפירט מיט קינסטלערי־שער אחריות, מיט מער בולטע דעטאַלן און כאַראַקטערן, מיט אַ מער קינסטלערישער שפּראַך און קאָנסטרוקציע. עס לוינט זיך צו דערמאָנען עטלעכע פון זיי.

„מיט וועלכן רעכט". עס איז אין פאַרבינדונג מיט דער צייט פון דער אומלעגאַלער אונטערערדישער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג. „מיט וועלכן רעכט" האָט ער מיך אַריינ־געשלעפּט אין זיין אָפּגרונט? — רעדט איינער פון די אַמאָ־ליקע — ער האָט געהאַט רעכט קומען צו מיר, ווי אַ מענטש, ווי אַ פריינד, נאָר מיט זיין סכנה האָט ער מיך געדאַרפט אויסמיידן — אַזוי פאַרשטיי איך עס. איך שעלט אים ניט, איך וואָלט אים וועלן פאַרגעסן, נאָר מיין צעבראָכן לעבן, מיין קאַטאָרגע...

„פון צייט צו צייט פלעג איך אַראָפּקומען אין לע־וואַדיע, איך פלעג דאָרטן באַגעגענען דעם צעקראָכענעם פּאַשע באָוויק. זיין טרויער אין די אויגן, דעם בייזן פייערל אין זיינע אויגן וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן. ס'האָט

אַלץ געפֿרעגט: „מיט וועלכן רעכט?" — די גאַנצע נאָוועלע איז געשריבן מיט אַ פּשוטער אויפֿריכטיקייט, מיט נאַטיר־לעכער סענטימענטאַלקייט, מיט איינפֿאַכער ניט געקינס־טלטער שפּראַך, אָן פֿילאָזאָפֿישע איבערטראַכטונגען, און עס דערגרייכט דעם גאָר העכסטן עפֿעקט.

די לאַנדשאַפֿט איז דאָ — קרים. לעוואַדיע, יאַלטע, שוואַר־צער ים. פּרעכטיקע בילדער — דער ים מיט זיין וואונדער־באַרער מוזיק, וואָס הערט קיין מאָל ניט אויף. די עשירות פֿון בלומען אוןביימער. עס איז די צייט פֿון 1907, אַמנעס־טיע, מע ברענגט די פּאָליטישע קאַטאָרזשאַנעס אַהער צום ים, זיי זאָלן קומען צו זיך נאָך אַלע שרעקלעכע ליידן און פּייניקונגען. ווי אין אַלע אַנדערע דערציילונגען איז דער „נאַראַטאָר" — ז. סעגאַלאָוויטש. ער טרעפֿט זיך מיט סאַשע נאָוויק, וועלכער האָט דורכגעמאַכט אַ שווערע קאַטאָרגע־שטראָף. ער איז געווען אַן אַנאַרכיסט, מע האָט ביי אים געפֿונען באָמבעס און אַנדערע מכשירים. אין יענער צייט האָט דער שרייבער זיך גוט געקענט מיט סאַשען. אַנאַר־כיסט? ניין, ער איז עס קיין מאָל ניט געווען, ער איז בכלל געשטאַנען אין אַ זייט פֿון דער פּאָליטישער און רע־וואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער האָט גאָר געשפּילט אַ ליבע מיט אַ רייכן גבירס טאָכטער. ביינאַכט האָט צו אים אָנ־געקלאַפּט לאַפּידוס, אַ באַוואוסטער אַנאַרכיסט — ער בעט, סאַשע זאָל אים לאָזן איבערנעכטיקן. קומען זשאַנדאַרמען, פּאָליציי — לאַפּידוס איז אַרעסטירט. אַ באָמבע און געהיימע פּאַפּירן. „מיין לעבן איז צעבראָכן געוואָרן, מיין לעבן איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן. עס זיינען בלויז געבליבן די דאַרע ביינער מיינע. און אַלץ דערפֿאַר ווייל אַ מענטש האָט אָן מיין ווילן אָנגעקלאַפּט צו מיר אין טיר, אָן מיין ווילן גע־קומען צו מיר מיט זיין סכנה... מיט וועלכן רעכט? ביי לאַפּידוסן קאָן איך דאָס שוין ניט פֿרעגן, ווייל ער איז דער־הרגעט געוואָרן"...

**
*

דער טיטל פונעם בוך „רויך פון א ליולקע" איז גענו־מען פון דער דערציילונג „מיין ליולקע" (זז' 131־142). די ליולקע און איר רויך — ווערט דער סימבאָל פונעם „אייביק איינזאַמען" מיט זיינע פאַרבאָרגענע שטימונגען. עס איז אַ נאָמען מיט אַן אַנוואונק, מיט אַ הבל־הבלימדיקן טאָן, אַלץ איז פאַרגענגלעך, ניטאָ קיין אייביקייט, שטאַנדהאַפטיקייט.

די ליולקע איז דעם העלדס (שרייבערס) אינטימער פריינד, זיין בעל סוד און „בעל פה". עס איז אַ שטימונג פון בארג־אַראָפּ, פון רעזיגנאַציע, פון דעגראַדאַציע. אַלץ גייט אַוועק מיטן רויך. גיי כאַפּ אים. די ליולקע דערמאָנט עפּעס אַן אַלטע באַליידיקונג וואָס האָט זיך ניט פאַרהיילט: „דאָ איז וואו איך בין געגאַנגען מיט פריילעך אויפגעעפנטע אָרעמס, האָב איך אַ פיינטלעכן שטויס באַקומען. שוין ניט צום ערשטן מאָל... זאָל איך בייז זיין דערפאַר אויף דער וועלט?... די ליולקע איז אין מויל און איך ביים די ליולקע. איך ביים און איך צעביים עס גיט, אַ, רואיקער בין איך שוין"...

ווייטער קומט אַ געשיכטע — ווי זי פאַרלאָזט אים אומדערוואַרט. דאַכט זיך, אַז מיר רעדן זיך אויס, איך און מיין ליולקע: — זי איז שוין ניטאָ, זאָג איך. כ'האָב זי שוין ניט. — אויך די ליולקע ענטפערט: „האָסט זי קיין מאָל ניט געהאַט. זי האָט צו אַנדערע געשמייכלט, פונקט ווי צו דיר. — איך בענק נאָך איר, זי פעלט מיר אויס... אויך די ליולקע ענטפערט: „דו בענקסט ניט נאָך איר, דו בענקסט נאָך באַרואיקונג, און דאָס איז מיין ביסעלע רויך"...

„רויכער איך און שווייג און איך טראַכט וועגן דער וועלט, אַז דאָס איז אַ וועלט מיט וועלטעלעך. אַז היינט בין איך דאָ און מאָרגן וועל איך ניט זיין און אַ צווייטער וועט רויכערן אַ ליולקע און וועט אויך אַזוי טראַכטן"... אַ, די גרעסטע באַלוינונג, די שטאַרקסטע סאַטיספאַקציע דער־גרייך איך דעמאָלט ווען איך קום דורך מיט זיך אַליין, ווען איך צינד אָן מיין ליולקע, מיין ליולקע פון שלום".

# טלאָמאַצקע 13

דאָס בוך איז דערשינען אין 1946 אין דער ביכער־סעריע „דאָס פוילישע יידנטום", בוענאָס איירעס. אונטערן טיטל איז דאָ אין קלאַמערן אַ צווייטער קאָפּ „פון פאַרברענטן נעכטן". אויך „טלאָמאַצקע 13" איז געשריבן מיט דער זעלבער פעדער ווי די באַקאַנטע מקונן־לידער. עס איז ניט „בעלעטריסטיק", עס איז ניט קיין געשיכטע, עס איז אָנגעהאַלטן דער טאָן פון איכה, פון קדיש. עס איז טרויעריקע רעמיניסצענס, פול מיט נאָסטאַלגיע. זכרונות וועגן די הונדערטער יידישע שרייבערס, עסייאיסטן, פאָעטן, זשורנאַליסטן, אַקטיאָרן, מאָלערס, מוזיקער — אַלץ איז דאָ פינצטערע נאָסטאַלגיע.

„טלאָמאַצקע 13, אונדזער בודע, אונדזער היים... מיר זענען נאַאיוו געווען און ניט אָפּגעשאַצט, וואָס מיר פאַרמאָגן. זייענדיק דעמאָלט מיט אַלע חברים צוזאַמען, האָט מען זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז מען קאָן פאַרבלייבן אַזוי פינצטער און בלוטיק פאַרלענדט. ווי שטאַרק לעבן זאָל ניט זיין, קאָן מען זיך קיין אָרט נישט געפינען. וואָס ליכטיקער די זון שיינט, אַלץ שוואַרצער איז זי, די וויסטע פינצטערנישט"...

אָן היסטעריקע, אָן צאָרן, שטיל, גוטמוטיק, אַמאָל אפילו איראָניש וועגן דער „בודע" און אירע מענטשן, דער צער, די טרערן — געשטיקט. נאָר פון צייט צו צייט רייסט זיך אַרויס פון אים אַ פאַרצווייפלטע קללה, אַ קללה דער וועלט, דער מענטשהייט וואָס איז געפאַלן אַזוי נידריק, מיט איר קולטור, ליטעראַטור, ציוויליזאַציע...

סעגאַלאָוויטש האָט אַ וואונדערבאַרן זכרון. יעדן איי־נעם פון די 500 מיטגלידער פון שרייבער־פאַראיין האָט ער געדענקט און איצט באַשרייבט ער אַט די גרויסע מחנה ײדישע אינטעליגענץ. „טייערע קדושים!... וועגן נישט איי־נעם פון זיי באַדאַרף מען שרייבן גרויסע אָפּהאַנדלונגען. נעמען פון קינסטלער מיט הויכן ראַנג. טלאָמאַצקע 13 האָט אַ באַזונדערן בית עולם"...

אויף קיינעם טראָגט ער ניט קיין שנאה, אַלעמען מוחל זייערע עוולות וואָס זיי האָבן געטאָן דעם פאַראיין, אַלע איין אויסגעגלייכטע קאַטעגאָריע, די זעלבע קרבנות און קדושים. אַ שטאַרקע צוגעבינדנקייט צו וואַרשע — אָבער אויך צו דעם יידן פון פּראָווינץ, קינדער פון אַ פאָלק וואָס האָט געפילט „אַז אַן שותפות מיט גאָט און געטלעכקייט וועט מענטש־חיה גאָרניט דערגרייכן. זיי האָבן ניט געגלויבט אין קאַלטן ראַציאָנאַליזם, זיי האָבן געהאַט דעם שרעקלעכסטן פאַרגעפיל... ווי איז אונדז — זיי זענען געררעכט געווען".

אויך די „ליבע פּראָווינץ" האָט ער גוט געקענט, זיי באַזוכט, פאַרגעלייענט זיינע לידער און נאָוועלן. איצט דערמאָנט ער זיי מיט רירנדיקער ליבשאַפט, „וואו זיינען די לעבנס פון אַזעלכע טויזנטער און טויזנטער טייערע בחו־רים און מיידלעך? וואו זיינען די ביבליאָטעקן, די ביכער, די פאָטאָגראַפיעס, די בריוו פון זייערע פאַרליבענישן?... וואו?"

„אויף צו שרייבן זכרונות מוז מען זיך שטאַרק קאָנ־צענטרירן און אַרויסרופן געשטאַלטן, די סביבה פון די גע־שטאַלטן, די קלאַנגען פון דער סביבה... אויפגעציטערט ווער איך, ווען איך פּרואוו דאָס טאָן. דער געדאַנקען־גאַנג רייסט זיך איבער." „זיי זענען נישטאָ. נישט די יידן, נישט די היי־זער זייערע, נישט די גאַסן"... „איך שרייב דאָ נישט קיין קונסט־ווערק. נאָך טרעבלינקע און מיידאַנעק קאָן מען דאָס וואָרט „קונסט" נישט הערן. אין אַש פון מיידאַנעק זענען אַריין אַזוי פיל געשטאַלטן, אַזוי פיל טייערע נאָענטקייט"...

אזוי איז זיין לעצטער פראָזע-בוך „טלאָמאצקע 13".
גאָר אַנדערש ווי די אַנדערע זיינע ווערק. נישט צו דערקע-
נען דעם פערזן-מייסטער. אַ סך קלוגשאַפט, דורכגעטראַכט-
קייט אין דעם בוך. ס'אַראַ אחריות פאַרן יידישן וואָרט!
ס'אַראַ זעלבסט-באַהערשטקייט. אַ טיפע פאַרשטענדעניש
פאַר די געשטאַלטן, אייניקע פון זיי — גאַנצע עסייען מיט
פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז.

קיין אַנדערער שרייבער וואָלט ניט געקענט אָנשרייבן
אַזאַ בוך...

# ז. סעגאַלאָוויטש אין דער קורצער נאָוועלע

אחוץ לירישע פּאָעמעס און ראָמאַנען אין פּראָזע, פֿאַרנעמט ז. סעגאַלאָוויטש נאָך איין קונסט-פֿעלד, נאָך איין געביט און פֿאָרם פֿון קונסט-וואָרט-שאַפֿונג, און דאָס איז די קורצע נאָוועלע. צווישן זיינע איבער צוואַנציק ביכער פֿאַרנעמען די נאָוועלן און נאָוועלעטן אַ בכבודיקן פּלאַץ. אין דער נאָוועלע איז סעגאַלאָוויטש קאָנצענטרירט אויף דער איינצלנער טעמע און איינצלנעם העלד. ער איז דאָ ערנסט און פֿאַרטיפֿט. פֿון צייט צו צייט איז ער שפּילעוודיק און הומאָרפֿול. ער איז קאָנדענסירט און שפּאָרעוודיק אין וואָרט. אין דער קורצער סקיצע שאַפֿט ער די אַנטשפּרעכנדיקע אַטמאָספֿערע. ער וועבט פֿון אָנהייב אָן ביזן סוף זיין געוואונטשענע אידעע, זיין צענטראַלן געדאַנק. מיט קינסטלערישן געדולד האַמערט ער אויס די פּסיכאָלאָגיע פֿון די העלדן און צו איר ווערן צוגעפּאַסט און אַריינגעפּאַסט די פּאַסירונגען און אויפֿפֿירונגען פֿון די פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע פּאַרשוינען. ז. סעגאַלאָוויטש אַנטפּלעקט אַ סך פֿאַנטאַסטיק און איבעראַשט דעם לייענער מיט אַן אומדערוואַרטעטן, אָבער אַבסאָלוט באַרעכטיקטן סוף — ניט אַבסורדאַלן, ניט אומגעלומפּערטן, קינסטלעך-צוגעטראַכטן. אַזוי זענען למשל די קורצע דערציילונגען „דאָס טעכטערל", „דער גאָלדענער פּאָרטסיגאַר", „רעקוויזיט", א"א.

זיין נאָוועלע איז די קונסט פֿון עפּיזאָדן, פֿון אָפּגעריסענע געשעענישן, פֿון „דורכגעלעבטע, אינטערעסאַנטע געשיכטעס", ווי דער שרייבער האָט זיך אַליין אויסגעדריקט. די פֿאַבולע איז אָפֿט אַ פּשוטע פֿאָטאָגראַפֿיע, און טאַקע ניט קיין אויפֿנאַמע „אויף צייט-דויער", נאָר אַ מאָמענטאַל אויפֿ-

כאַפּן, אַראָפּכאַפּן. זעלטן טרעפט זיך אַזאַ קאָנדענסירט בילד ווי עס איז, למשל, די דערציילונג וועגן טעמערל („גאָלדענע פּאַוועס״): דאָ איז דער דיכטער געצוימט, איינגעהאַלטן, עקאָנאָמיש, — סיי אין בילד, סיי אין וואָרט. ער איז אויסגעהאַלטן אין טאָן און שטימונג; עס איז אַ פאַרענדיקטע זאַך, אַ זאַך, וואָס האָט אָריגינעלקייט; דאָס איז, באמת, אַ פּערל אין דער יידישער ליטעראַטור.

דער ווייט-גרעסטער טייל נאָוועלן איז, צום באַדויערן, פון אַן אַנדער כאַראַקטער. זעלטן גיט אַ שיין אין זיי דער-הויבנדיקער הומאָר. עס פעלט אין זיי יום-טובדיקייט, אייגנאַרטיקייט. זיין הויפּט-טעמע איז: „איך, זי און ער״, ווי עס הייסט איין זאַמלונג פון זיינע נאָוועלן. זיי זיינען גע-ראָטן איינס אין צווייטן. ניטאָ קיין צווישן-טאָן: שוואַרץ— ווייס, גליק—אומגליק, ליבע—פאַראַט, גוט—שלעכט. דאָס איז די אַלגעמיינע סכעמע. עס דערמאָנט וואָס סעגאַלאָוויטש אַליין דערציילט וועגן זיינעם אַ העלד („אונדזער פרוי״):

„ער האָט דאָך שוין געהאַט זיין מעטאָדע, ווי צו רעדן מיט אַ פרוי, וואָס געפעלט אים. געהאַט ווערטער און מעשיות ספּעציעל פאַר דעם ערשטן געשפּרעך. ער האָט געוואוסט, אַז פיל מאָל געברויכט ער די זעלבע פראַזן... גראָד דאָס באַנאַלע, דאָס ניט טיפע פלעגט מער ווירקן״...

# פּראָ און קאָנטראַ סעגאַלאָוויטש

ווי אַזוי שאַצן אָפּ דעם דיכטערס „פּאָעטישע" שאַפונגען ז. סעגאַלאָוויטשעס קריטיקירס? וואָס פאַר אַ פּלאַץ קומט אים לויט זיי אינעם אויבנאַן פון דער יידישער ליריק?

ש. ניגער איז געווען דער ערשטער אין דער יידישער קריטיק וואָס האָט אַלזייטיק און אָביעקטיוו באַהאַנדלט ז. סעגאַלאָוויטשן און זיינע לירישע געזאַנגען. מיט פאַרשידנאַרטיקע ציטאַטעס כאַראַקטעריזירט ער אונדזער דיכטערס טאַלאַנט און זיינע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

„ס'איז דאָ — זאָגט ש. ניגער — שכלדיקס אין די דאַזיקע לידער און עס איז דאָ הומאָר, אָבער זיי זיינען אויסנאַמען. פרייד און זוניקייט איז ניט די הויפּטשטימונג פון ז. סעגאַלאָוויטש. דאָס איז ביי אים עפּעס אַ יום־טוב — אַן אָנגעשטרענגטקייט וואָס דויערט ניט לאַנג. — איינזאַמקייט, עלנט, פאַרדראָס, צער און בענקעניש — דאָס איז זיין גרונטשטימונג. אַמאָל גיסן זיך אַריין אין איר טראָפּנס זיסע, ליכטיקע זכרונות, זיין שטים ווערט דאָ קרעפטיקער... זיין אומעט הויבט זיך אויף אַן אַנדערש מאָל צום שטאַפּל פון אונדזער אַלעמענס אומעט. דאַן ווערבט זיך שוין פאַר אונדז ניט זיין אייגן ליד, נאָר אַ ליד פון איינזאַמען מענטשן איבערהויפּט". —

ער האָט זייער פּליסיקע לייכטקייט, דאָס איז זיין מעלה — און זיין חסרון. זיין מעלה — ווייל עס איז ניטאָ קיין געמאַטערטקייט אין זיינע פערזן: זיין חסרון — ווייל עס פעלט אין זיי די איבערוווּניקסטע געשפּאַנטקייט. מיר לייענען זיי

אַן גייסטיקער אָנשטרענגונג: דערפֿאַר איז דער איינדרוק, וואָס זיי מאַכן אויף אונדז, ניט קיין טיפֿער. זיי פֿאָדערן פֿון לייענער ווייניק, דערפֿאַר גיבן זיי אים אויך ווייניק ליכ־טיקייט."

„אויך פֿאַר דער ליבע האָט ער ניט קיין אויסדרוק, ווען דאָס איז די ליבע פֿון מאַן צו פֿרוי, די ליבע, וואָס איז שטאַרק, קלאָר, מענלעך. ער האָט ווערטער נאָר פֿאַר בענ־קענישן און פֿאַר דער ליבע פֿון פֿרוי צום מאַן — פֿאַר אָט דעם צאַרטן, ציטערדיקן, שטומען און אומקלאָרן געפֿיל."

„פֿאַרליבטע אָדער אין ליבע זיך שפּילנדיקע פֿרויען — זיינען די פֿאָעטישסטע צווישן די געשטאַלטן, וואָס ער האָט געשאַפֿן: וואַנדאַ — (אין „קאָזמירזש"), רייזל („דעם שוחטס טאָכטער"), מירקע („מירקעס ליבע"), רעגינע (אין דער פּאָ־עמע, וואָס טראָגט דעם זעלביקן נאָמען), דאָס זיינען ניט קיין גאַנצע פֿאַרענדיקטע קינסטלערישע פֿרויען־פּאָרטרעטן, אָבער דורך יעדן פֿון זיי ציט זיך די ליניע, די צוגלייך אי ווילדלעכע, אי צאַרטע ליניע פֿון דער פֿרייער, ריכטיקער: באַפֿרייטער פּויליש־יידישער פֿרוי".

„דערהויפּט איז אינטערעסאַנט רעגינע. די פּאָעמע, וואו סעגאַלאָוויטש האָט זי 'באַזונגען', איז די שענסטע זאַך זיי־נע. קיין אָריגינעלער ריטם איז אין איר ניטאָ (זי איז גע־שריבן אויפֿן שניט פֿון פּושקינס „יעווגעני אָניעגין"). אָבער אין תוך איז זי ניט קיין נאָכמאַכונג. עס איז, פֿאַרקערט, אין איר אויסגעדריקט אַ שטיק פֿון דעם ליריקערס אינטי־מען לעבן, דערהויפּט אין די לעצטע קאַפּיטלעך אירע"...

„רעגינע" און אַנדערע, האַלב־פֿאַרשלייערטע, אייביק־בענקענדיקע פֿרויען־זעלן האָבן אויסגעשפּרייט זייער שאָטן ניט נאָר איבער די ווערק, וואו דער ליריקער רעדט וועגן זיי אַליין: איבער זיין גאַנצן שאַפֿן איז אויסגעגאָסן עפּעס אַ ציטערדיקע און ניט־זיכערע פֿרויענהאַפֿטיקייט. און פֿון איר נעמט זיך אויך דאָס וואָס אים איז געלונגען מער איינמאָ־סיקע אָדער ליניענהאַפֿטיקע זאַכן, ווי זאַכן וואָס דאַרפֿן גע־

וויזן ווערן אין אַלע דריי דימענסיעס. אין אַזוינע, קאָמפּלי־צירטע, „מענלעכע”, לידער קאָנט איר געפינען ביי אים אָפט ניט קיין שלעכטע באַהעמע־שפּילערייען, איינציקע אויס־דרוקן אָדער פערזן שיינע, אָבער ניט קיין גאַנצע קינסטלע־רישע זאַכן. ווען איר לייענט אָבער זיינע איינפאַכע, „פע־מינינישע”, זאַכן, וואו זיין בליק שטעלט זיך אָפּ אויף איין ליניע, אויף איין „פּינטעלע,” האָט איר יענעם געפיל פון באַפרידיקונג, וואָס עס גיט אייך יעדע דערגרייכונג, יעדע שלימות, מעג זי זיין ווי קליין”. —

אויך **לעאָ פינקעלשטיין** איז אין זיין גרויסן עסיי („ביכער־וועלט”, 1928, באַנד 4) מער נוטה אונטערצושטרייכן די פעלערן און בלויזן פון ז. סעגאַלאָוויטשעס לידער, איידער זייערע פּאָזיטיווע און ליכטיקע מאָמענטן.

„דאָס יידיש־פּאַטריאַרכאַלע לעבן האָט ביי אים, זאָגט פינקעלשטיין, נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג און אויך דער גאַנצער קראַנץ פאָלקסטימלעכע פיגורן וועקט ביי אים ניט קיין אויפמערקזאַמקייט. פון צווישן די שורות קוקן ביי אים ניט אַרויס קיין יידיש־עטישע ווערטן, מיט וועלכע ער זאָל זיין דורכגעדרונגען. האַלב־נאַקעט איז ער אָנגעקומען אין דער יידישער ליטעראַטור, דערפאַר די אַנדערע העלפּט באַ־קליידטקייט איז די דינע און לייכטע. לוויזע איינפלוסן פון י. ל. פּרעצעס געדיכטן, מאָרים ראָזענפעלדן, רייזענען, יהואָשן, און שפּעטער זיך דערוואָרבן דעם שטילן טאָן פון דוד איינ־האָרנען. יענע זייגען אָבער געווען דורכגעוועבט מיט אַ גע־וויסן יידישן הינטערגרונט און באַשטימטער איינגעוואָרצלט־קייט, סעגאַלאָוויטש דאַקעגן האָט זיין שורש געפלאַנצט אין דער לופטן”.

„סעגאַלאָוויטש צאָלט ניט לכתחילה דעם יידישן עבר קיין צינזן. ער ווערט ניט איינגעפעדעמט אין געוועב פון אַ וועלכער ס'איז שול, ווייל ער האָט ניט מיט איר קיין גע־מיינזאַמקייט, ר'איז ניט קיין קאָריפיי, ווייל ער האָט ניט אונטער זיך קיין פלעיאַדע נאָכפאָלגער, פאַר וועלכע ער זאָל זיין פאָרויסגייער. ער איז אָבער אויך נישט קיין עפּיגאָן, ווייל

ר׳פאַלגט קיינעם ניט נאָך. קיין שום ליטעראַרישן שלשלת היוחסין, אין דעם פאַל איז ער באמת „אייביק־איינזאַם״.

„ווען סעגאַלאָוויטש איז פאַרכליניעט געוואָרן דורך דעם „לאַנד פון בונטע פאַרבן״, האָט אים די דאָזיקע נאַטור־עשירות פשוט פאַרקלעמט און אַן אויסטערלישער טרויער באַגלייט כמעט שטענדיק זיינע לידער. דערפון איז זיין טאָן אַ געשטיקטער און זיין אַרט באַזינגען — אַ מין פריידיק אומעטיקער — וואָס איז ווייט פון דער בונט־פאַרביקייט. על פי רוב באַשרייבט ניט סעגאַלאָוויטש די נאַטור אין איר רייכער צעגאַנקייט און שילדערט זי אין דעם עפּישן פאַר־נעם. ס׳איז עפּעס נישט זיין טבע צו איבערדערציילן דאָס, וואָס ס׳איז אים געלונגען צו באַאָבאַכטן.״

„אין מיטלפּונקט פון זיינע אַלע לידער שטייט ער אַליין אין אַלץ, וואָס קומט פאָר אין לעבן, קרייזט אַרום זיין איי־גענער פּערזאָן און קומט שפּעטער דורך איר צום אויסדרוק. די נאַטור, ניט אין איר זעלבסטגעשטאַלטונג, ווי זי איז, נאָר אַלס אויסדרוק פון סעגאַלאָווטשעס שטימונגען. ער זוכט אין די נאַטור־דערשיינונגען אַנטשפּרעכנדיקע מעטאַפאָרן פאַר די אייגענע איבערלעבונגען.

„אַ געדיכט־סוביעקטיווער שטריך גייט דורך זיינע פּאָע־מען, דערהויפּט די, וואָס זענען אַנטשטאַנען אין שטילע מי־נוטן בעת דער שטאַרק אַקצענטירטער איינזאַמקייט. דאַ קומט אָפט בולט אַרויס דער — צו יענער צייט — באַקאַנ־טער בענקשאַפט־מאָטיוו אין דער סענטימענטאַלער רוסי־שער פּאָעזיע. די גאַנצע אַטמאָספער איז איינגעהילט אין בלייערנער געדריקטקייט און דערביי איז די לירישע עלע־גישקייט איינגעפּאַסט אין אַ לייכט־פּליסיקן פערז.

„אין גרונט ווילט זיך סעגאַלאָוויטשן תמיד זיין איינ־זאַם, ניט מחמת ער איז אַ שונא פון מענטשן (זאָל גאָט אויסהיטן!), גראָד פאַרקערט, מענטשן האָט ער שוין צופיל ליב, נאָר פון צופיל ליבע און גלויבן אין מענטשן איז שפּע־טער געקומען די ביטערע אַנטוישונג. די כסדר אונטערגע־

שטראַכענע איינזאַמקייט איז ביי אים מער אַ „זאָל“ איידער אַ „זיין“, גיכער אַ פאַרלאַנג איידער ווירקלעכקייט, עפּעס אַ פּסיכאָלאָגישער „באַרוף“ אין וועלכן ער האָפט זיך אויסצולעבן בעסער און ריינער. אין דער „עקזיסטענץ“ אָבער זינקט ער מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים אין דער פאַרהאַסטער און אַזוי פיל באַשפּיגענער געמיינזאַמקייט. די מעשה איז, וואָס אַ צייט לאַנג האָט ער געמאָלט ביי זיך אין דער מחשבה די פאַרביקסטע בילדער וועגן לעבן און מענטשן, אָבער ביי דעם ערשטן צונויפטרעף מיט זיי זיינען די דאָזיקע בילדער, ליידער, אינגאַנצן צערונען געוואָרן. „איך האָב בלומען זיי געטראָגן און צוריק באַקומען שטיינער“. די דאָזיקע אַנטוישונג נאָגט אים כסדר ווי אַ וואָרעם, און וואָס מער ער גלייבט אין דעם מענטשנס ערלעכקייט — אַלץ מער טוען אים וויי די עוולות, וואָס ווערן קעגן אים באַגאַנגען. עפּעס אַן אָפּגענאַרטער, וועלכער האָט פּאָר ליכט צוריקבאַקומען שאָטן, זיצט ער אויף די חורבות פון זיין ביזאיצטיקן גלויבן און קלאָגט אויף דעם צעריסענעם חלום, אין וועלכן ס׳לעבט זיך אויף דער וועלט אַ ביסל קאַלטלעך. אַ פאַרבענקטער צוריקבליק אויף די פאַרשוואונדענע נאַאיווע גוטע יוגנט־יאָרן.“

„ביי סעגאַלאָוויטש שנירלען זיך די פּערזן פּליסיק, אַן אַ וועלכן ס׳איז אָפּהאַלט, זיי קייטלען זיך געשווינד אין סטראָפן און בינדן זיך שפּעטער אין גרויסע פּאָעמען. קיין שפּור פון וואָרט־קאַרגשאַפט, אַן אומגעהויער מילדע פרייגעביקייט בנוגע דער שפע פון סטראָפן און קאַפּיטלעך. אַלס מוסטער פון אומעקאָנאָמישקייט אין פאַרנעם קאָן דינען די פּאָעמע „רעגינע“, וואָס שלענגלט זיך איבער 41 זייטן, פּריי און פליסיק. ווען מ׳זאָל די גאַנצע פּאָעמע סיי איינהאַלטלעך, סיי בילדלעך צונויפּרעסן, וואָלט זי פאַרנומען קוים אַ דריטל פון דעם, וואָס זי פאַרנעמט איצט. אָט דער דוחק פון קאָנצענטרירטקייט מוז דאָ דערמאָנט ווערן. סעגאַלאָוויטש פילט עפּעס אַליין, אַז די פּאָעמע איז אַ ביסל צעצויגן, אַז די שורות גליטשן זיך עפּעס צו גלאַטיק אָן אַ וועלכער ס׳איז

מניעה, פּרוּוואָט ער זיך טאַקע פאַרענטפערן, אַז ער אַנט־לויפט דאָס בכיוון פון דער „פּאַרטיפּטקייט״, גיט נאָר דאָס לייכטע און שוועבנדיקע, וואָס קאָן דעם מענטשן הנאה פאַרשאַפן, אָן די כּל־ערליי אויסטערלישקייטן.

„שוואַכער קומען אַרוים די לידער, אין וועלכע סעגאַ־לאָוויטש פאַרלאָזט זיך אַליין, גייט אַרוים — אַזוי צו זאָגן — פון דער אייגענער הויט און פּרוּווט אַלס האַלב־זייטיקער צוקוקער פּערזענמעסיק „באַשרייבן״ אַלץ, וואָס קומט אַרום אים פאָר. ער פאַרלאָזט, הייסט עס, זיין ביז־איצטיק גע־צעלט, שיידט זיך מיט דער אַזוי פיל געצערטלטער „איינ־זאַמקייט״, מישט זיך אויס מיט דעם פאַרשידנאַרטיקן רוי־שיקן עולם און באַמיט זיך איינלעבן מיט זייער דינאַמישן ריטם.

„אייגנטלעך דאַרף ‚אין קאַזשימיעזש׳ גילטן אַלס די בעסטע פּאָעמע, וואָס סעגאַלאָוויטש האָט ווען ס׳איז אָנגע־שריבן און שוין צוליב איר אַליין האָט ער באַוויזן זיך איינ־צוקויפן בירגער־רעכט אין דער יידישער ליטעראַטור. אַ פּאָ־עמע, וואָס האָט אויף זיך געצויגן אויפמערקזאַמקייט צוליב איר דעמאָלסטדיקער נייקייט; אַ געמיש פון נאַטור־שילדע־רישע מאָמענטן מיט שטאַרקער דורכפלעכטונג פון סוביעק־טיוו־לירישער באַהאַרצטקייט. אין פאָדערגרונט דאָס אַלט־אַלטע לעגענדאַריש־באַשטרייפטע קיניג־שטעטל, קאַזימיעזש, מיט די מאַיעסטעטיש־אַרומרינגלענדיקע בערג, טיף־באַגרינ־טע טאָלן, נאַקעטער שלאָס, ריזיקע דעמבעס און רוישיקע ווייסל־פאַליעס; אין הינטערגרונט — שטייט דער, וואָס פאַר־מאָגט אויף דער ערד גאָרנישט, ווייל זיין גאַנץ רייכטום שוועבט ערגעץ צווישן די הימל־רוימען.

„סעגאַלאָוויטש קלאָגט זיך אויף דער דאַמאָלסטיקער אָרעמקייט פון יידישן לשון, וואָס אין זיין ווערטער־שאַץ פעלט אויס דאָס טיפע קול פון דער נאַטור, ער מוז דערוי־בער אין זיך שטיקן דעם אינעווייניקסטן ניגון פון שטומען געזאַנג.

„ווי רופט מען די פייגעלעך? ווי הייסן די בלומען?
עס האָט אונדזער שפּראַך נישט קיין נעמען פאַר זיי:
באַשערט זיך צו פרייען אַזוי ווי אַ שטומער,
אַזוי ווי אַ שטומער, פאַרבאָרגן דעם ווײ...״

„די שפּראַך-באַשיידנקייט איז דאָ אַ ביסל איבערגעטריבן, ווייל גראָד אין דעם פאַל פילט זיך אַזוי ניט קיין באַזונדער אָרעמקייט. פאַרקערט, ס׳מערקט זיך נאָך אַ טיילוויייזער אי-בערפלוס פון ווערטער, וואָס פאַרדעקן אַ ביסל דאָס בילדלעכ-קייט. גיכער פילט זיך דאָ אַ דוחק אין אַ טיף-דיכטערישער מעטאַפאָרע, די נאַטור איז דאָ געגעבן עטוואָס צו אויסנווייי-ניק און דאָס פאַרמינערט די דויערהאַפטיקייט פונעם איינ-דרוק״.

* * *

צווישן די קריטיקערס פון אונדזער שיינער ליטעראַטור און צווישן די עסייאיסטן-שריפטשטעלערס — זיינען פאַראַן אויך אַזעלכע וואָס בענטשן די שאַפונגס-פּען פון ז. סעגאַלאָ-וויטש, וואָס אָנערקענען זיינע גרויסע מעלות און אייגנשאַפטן. פון אָט דעם מין שרייבערס דאַרף מען באַקענען אונדזערע לייענערס מיט די אָפּשאַצונגען פון מלך ראַוויטש, וועלכער איז אַליין אַ פּאָעט, וועלכער האָט געשריבן עטלעכע מאָל אָפּ-האַנדלונגען וועגן דעם פּאָעט און ליריקער ז. סעגאַלאָוויטש.

„אין מיין באַגריף איז סעגאַלאָוויטש קודם-כל אַ פּאָעט. דאָס איז ביז דעם היינטיקן טאָג געבליבן זיין שטאַרקסטע זייט. זיינע לידער-ציקלען „קאַזמיעזש״ און „רעגינע״ זעגען פּערל פון דער יידישער ליריק. אָבער זיין ממש לאַווינענאַר-טיקע פּאָפּולאַריטעט האָט ער דערגרייכט דווקא אַלס ראָמאַ-ניסט, כאָטש זיינע ראָמאַנען פאַרנעמען נישט דעם אָרט אין דער יידישער ראָמאַנען-ליטעראַטור, ווי זיינע פּאָעמען און לידער אין דער יידישער ליריק.

„רעגינע״ איז אַ פּאָעמע אין זעכציק לידער, אַ דערציי-לונג פון אַ זומער-ליבע, אַ געזאַנג פון דעם טרויער, וואָס

איז דאָ אין יעדער שיינקייט, אַ געזאַנג פון דער פאַרגענג־לעכקייט פון אַלץ וואָס שיין, און וואָס שענער, אַלץ פאַרגענג־לעכער. ווי אָפט איך נעם דאָס בוך 'פּאָעמען' אין האַנט אַריין, רעציטיר איך מיר שטיל און מיט אַ ניגון דאָס דאָ־זיקע פרעכטיקע עלעגישע ליד. איז דאָס אַ טיפּ, אָט די עקסצענטרישע רעגינע פון דער פּאָעמע, איז דאָס אַ לעבע־דיק געשטאַלט, ווי די געשטאַלטן פון די עפּאָפּייען? ניין, עס איז בלויז אַ חלום-געשטאַלט פון אַ דיכטער, נישט קיין פאַרנעפּלטע און פאַנטאַסטישע, נאָר אַ פאַרשלייערטע און אַ לעבעדיקע, אַ שיינע, וואַרעמבלוטיקע, שלאַנקע פרוי. אַן אויסגעחלומטע פרוי, אָבער אַזאַ, וואָס דער דיכטער האָט זי געזען, כאָטש ער האָט זי ניט דערגרייכט. אפשר דערפאַר, אַז זי זאָל שענער בלייבן אַ ניט-דערגרייכטע ווי אַ דער־גרייכטע.

„זיינען זיינע לידער אַזוי עפּיש? איז דאָרט דאָ אַזאַ שפּאַנענדיקע אַקציע? — פרעגט מלך ראַוויטש. „ניין, עס איז אָבער אַזאַ פאַרכאַפּנדיקער סענטימענט אין זיי, אַזאַ שיינער ריטם, אַזאַ סובטילקייט, פאַר אַלעמען און אין יע־דער, אַפילו טאָג-טעגלעכער סיטואַציע, צוגעגנגלעך".

ווי שטיל זיי פליסן, יענע פערזן:

„עס שלאָפן שטום די פרעמדע שכנים, ..
עס שלאָפט דאָס פעלד, דער וואַלד פון סכך,
די וועלט געהערט ביינאַכט צו קיינעם,
נאָר בלויז צו די, וואָס בלייבן וואַך..."

און ווי בילדעריש זיי זענען אָפט, אָט למשל ביים באַ־שרייבן רעגינעס וואַרשעווער שטוב:

„ביי איר אין שטוב איז שטענדיק יום־טוב
און פריציש רואיק גייט די צייט,
אין שפּיגל שפּיגלט זיך אין צווייטן,
ווי אויג אין אויג געבליבן שטיין.

און ווי פּרעכטיק די גאַנצע פּאָעמע קלינגט־אויס אין 50־טן און זעכציקסטן ליד, דער עיקר אין דעם 59־טן, דעם אויטאָפּאָרטרעט פון אַן איינזאַמען און טאַקע ווידעראַמאַל סענטימענטאַלן דיכטער.

סעגאַלאָוויטש איז איינער פון די ערשטע וואָס האָבן אַריינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור דעם איראָפּעאישן סוזשעט, פּשוטער: דעם מענטש מיט דעם שניפּס.

„ער איז שפּילעוודיק און עלעגאַנט אין דורכפירן זיינע סוזשעטן. ער האָט אַ פאַרביקע שפּראַך, אַ קלאַנגפולע, אַ מעלאָדישע — כאָטש ניט געווּג אורשפּרינגלעך און דערי־בער ניט געווּג רייך אין ווערטער. איין גרויסע מעלה האָבן זיינע ראָמאַנען, און אויך דאָס איז דערגרייכונג ביי אונדז, זיי זענען אינטערעסאַנט און שפּאַנענד. און איז ניט יעדער פון זיי אַן אויסגעשפּראָכענער ראָמאַן, זענען זיי אַלע צוזאַ־מען אַ בילד פון אַ תקופה, און דעריבער — ראָמאַן לויט אַלע כללים.״

* * *

י. י. טרונק:

„אויך אין זיינע ראָמאַנען איז סעגאַלאָוויטש פאַרליבט אין זיין לירישן און אין זיין איכישן מהות, ד. ה. די פראַגן און די פּראָבלעמען פון זיין פּערזענלעכן לעבן האָט ער או־מעטום אין זיינע ווערק אַריינגעשטעלט ווי די הויפּט־פּראָב־לעמען און פראַגן פון דער וועלט... די געשעענישן אין סעגאַלאָוויטשעס ראָמאַנען דרייען זיך כמעט אויסשליסלעך אַרום סעגאַלאָוויטשעס פּערזענלעכע חשבונות מיט דער וועלט. ...דעריבער — און דאָס איז אַ פּאָזיטיווע איינג־שאַפט — סעגאַלאָוויטשעס פּראָזע שמעקט ערטערווייז מיט שטיקלעך פון אַ ליד. אויף די גרויסע לייוונטן פון זיינע ראָמאַנען איז ער פאַרבליבן דער פאַרביטערטער זינגער פון זיינע אייגענע נויטן, אָדער ווי סעגאַלאָוויטש רופט זיך אַליין אָן, דער אייביק איינזאַמער.

„סעגאַלאָוויטש איז אַ מאָראַליסט. אין זיינע ראָמאַנען פּרעדיקט ער אַנשטענדיקייט און גערעכטיקייט... ווי כמעט ביי יעדן מאָראַליסט, זיינען סעגאַלאָוויטשעס העלדן פאַנאַנדערגעטיילט אויף שוואַרצע און ווייסע, ד. ה. אויף גוטע און שלעכטע, אויף גערעכטע און אומגערעכטע... סעגאַלאָוויטש פאַרבלייבט אויך אין זיינע מאָראַליזירנדיקע טענדענצן דער עגאָצענטרישער פּרעדיקער וואָס וויל קיין מאָל ניט אַרויסקוקן דורכן פענצטער און קיין מאָל ניט זען דעם דרויסן... זיינע ראָמאַנען האָבן תמיד אַ סטאַר, אַ צענטראַלן הויפּטהעלד. ער טראָגט אוים אין זיין פּערזענלעכן גורל דעם גורל פון אַלע געשעענישן.

— „די פרויען זיינען ביי סעגאַלאָוויטשן קיין מאָל ניט קיין זעלבשטענדיקע פיגורן, זיי זענען בלויז די אָביעקטן פון סעגאַלאָוויטשעס בענקשאַפטן אָדער אַנטוישונגען. דערייבער טראָגן זיי, די פרויען, כמעט אַלע, הוילע ראָמאַנטישע און דערצו פּוילישע שליאַכטעסקע נעמען. די וואַנדאַס זענען די שפּיל־פּעעס פון סעגאַלאָוויטשעס ראָזע אָדער טונקעלע פּערזענלעכע־וועלט־באַציאונגען. — אין סעגאַלאָוויטשעס ראָמאַנען, הגם זיי זענען געשריבן געוואָרן אין דער ברוטאַלער נאָך־מלחמה־תקופה פון יידישן לעבן, פילט זיך ניט דאָרט דאָס מינדסטע פון דער דאָזיקער תקופה... קיין שום געשעענישן מחוץ די געשעענישן און זיין פּערזענלעכן געמיט, זענען ניט בכוח זיך אַריינצורייסן אינעם געפילגעוועב פון סעגאַלאָוויטשעס וועלט־חשבונות. קיין שום וועלט־געוויטער באַווייזט ניט אויפצוטרייסלען און אויפצוּלויכטן יענעם אייביק־אומעטיקן בין־השמשות פון אַ לעבן און די פאַרביטערטקייט פון אַנטוישונגען. — עס קומט עפּעס אוים, אַז די וועלט האָט געשאַפן ספּעציעלע האַרטע געזעצן פאַר סעגאַלאָוויטשן און דאָס איז די גרויסע עוולה פון דער וועלט. דעריבער איז סעגאַלאָוויטש אַזוי האַרטנעקיק פאַרשלאָסן אין זיין איינזאַמקייט און ער זעט ווייניק וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט אַרום אים. זיינע ראָמאַנען זענען אָרעם אין לעבנס־באַאָבאַכטונגען. סעגאַלאָוויטש זעט ווײ־

ניק די מענטשן וואָס לעבן אַרום אים, ער זעט ווייניק זייערע אמתע כאַראַקטערן, זייערע שיקזאַלן."

"....פון גאַנץ פּוילן און פון אַלע שטעטלעך, וואָס האָבן אַזוי רייך און פאַרשיידנאַרטיק אינספּירירט די יידישע שרייבער אין פּוילן, האָט סעגאַלאָוויטש באַזונדער ליב געהאַט קוזמיר... די סינטעזע פון פּוילן און פּוילישע יידישקייט איז ספּעציעל צונויפגעפלאָכטן אין קוזמיר. דאָס שטעטעלע ליגט אין אַ באַזונדער ליכט. אויף די בערג אַרום קוזמיר שטייען די חורבות פון דעם קיניגלעכן שלאָס וואָס דער פּוילישער קיניג קאַזימיר האָט כלומרשט אַוועקגעשאָנקען זיין יידישער מלכה, אסתרקע. אויף די צעפאַלענע טורעמס פון די שלאָס-חורבות איז אַמאָל, מיט הונדערטער יאָרן צוריק, געשטאַנען די מלכה אסתרקע און אַ פאַרבענקטע געקוקט אויף די אָרעמע — און דעמאָלט פּונקט ווי היינט — צאַנקענדיקע שבת-ליכטלעך, וואָס האָבן זיך אין די פרייטיק-צונאַכטס אָנגעצונדן אין די איינגעהויקערטע יידישע הייזלעך אונטן אין שטעטל. יידישע שבת-ליכטלעך, די אַלט-פרענקישע קאַפּאָטעס פון די איינגעזונקענע יידן, די געפאַרבטע קליידער און די טערקישע טיכער פון די יידישע פרויען — פייכטן נאָך היינט אין די קוזמירער אָווגטן ווי טונקל-גאָלד און פּורפּור. אין די ענגע און טונקעלע בערג-שלופן (טאָלן) אַרום קוזמיר רוישן די אַלטע נוס-וועלדער. זיי רוישן אין די לינדע ווינטן וואָס בלאָזן אָן פון דער ווייסל. יענער אָרט איז באמת ווי צוגעפּאַסט פאַר אַזעלכע אייביק-איינזאַמע מענטשן ווי ז. סעגאַלאָוויטש.

***

אין 1924 האָט זיך אויף די שפּאַלטן פון די "ליטעראַרישע בלעטער" אין וואַרשע צעפלאַקערט אַ גרויסע דעבאַטע צווישן י. י. זינגערן און פּרץ מאַרקישן, פון איין זייט, און ז. סעגאַלאָוויטש — פון דער אַנדערער זייט. דאָס איז געווען אין שייכות מיט זיין ראָמאַן "אייביק איינזאַם". י. י. זינגער האָט געשריבן: "סעגאַלאָוויטש איז דער טיפּישער שריפטשטעלער פון דעם טאָג-טעגלעכן מענטשן; פון דעם מאָדערנעם פאָלקס-מענטש וואָס האָט אָנגעוואוירן דאָס קערנדיק-

פאָלקסטימלעכע און צום נייעם נישט דערגרייכט; פון די באַלעבאַטישע יונגעלייט און מיידלעך, וואָס דער שטאָט־פּאַרק איז זייער היים, זייער שדכן... זייערע ליידן זיינען זייערע ליידן, זייערע פריידן זיינען זייערע פריידן, זייער אָנשויאונג איז זייער אָנשויאונג... און פּונקט ווי יעדערער פאָלקסמענטש איז גאַנץ, איז אויך סעגאַלאָוויטש גאַנץ... דאָס איז שוין ריין־שמריסטיש, פון וואָס סעגאַלאָוויטש איז אין פלוג סיי אין זיין פאָרם, סיי אין ראָמאַנטישן רעאַליזם — זייער ווייט, נאָר דאָך איז ער אַרונטערגעפאַלן. דערצו האָט אים געבראַכט זיין גאַנצקייט פון פאָלקסמענטש, די לעזער־פסיכאָלאָגיע... סעגאַלאָוויטשעס טיפּן — דאָס זיינען נישט געשאַפענע, נאָר אָנגענומענע, קאָנאָניזירטע טיפּן... דאָס דאָמינירנדיקע... איז דער ריינער אומעט — ניט בונטאַרישקייט, גרויסע אומצופרידנקייט, איינזאַמקייט, — נאָר לייכטער אומעט. דאָס גאַנצע בוך איז דורכגעוועבט מיט ראָמאַנטישע פעדעם."

ז. סעגאַלאָוויטש האָט דערויף געענטפערט: „איך האָב דעם לעזער ניט גענומען מיט קיינע אויסטערלישע שרייאיקייטן, ניט מיט פאָרנאָגראַפיע, ניט מיט נאַטפּינקערטאָניזם, ניט מיט צופּאַסן זיך צו אַלע „איזמען", נישט נאָכגעטאַנצט קיינע רעוואָלוציעס... אפשר האָב איך יאָ באַפאַרבט די גרויע פעדעם פון זיין (דעם לעזערס) וואָכעדיקייט, — איז דאָס אויך אַ פאַרדינסט... מיין גאַנץ לעבן גיי איך אויף דעם ליידיקן טראָטואַר פון דער גאַס. דעריבער געווין איך צוויי זאַכן: די זייטן בלייבן ביי מיר גאַנץ, און איך קאָן בעסער זען, וואָס עס טוט זיך אויפן טומלדיקן טראָטואַר... עס איז אַ גרויסע פרייד, ווען דו דערזעסט, אַז דיינע פאַנטאַזיעס, דיינע קאַפּריזן און איבערלעבונגען ווערן אַלעמענס, דיינע שטיפעררייען און דיין אומעט... נאָר אויב ס'איז מיר באַשערט צו בלייבן בלויז אַ זעלנער אין דער יידישער ליטעראַטור, וויל איך זיין אַ זעלנער אָן די פראַנטישע גאַליפעהויזן, די ניט־פאַרדינטע אָנגעהאַנגענע בלעכלעך און ניט קלינגען וואויל־יונגעריש מיט די שפּאָרן."

פעד'עם (פרץ מארקיש) האָט פון זיין זייט געשטעלט די פראַגע:

„...איי, איז דאָך אַ קשיא — וואו באַשטעלט מען ער־געץ אין ווארשע אָדער אין לאָדזש אַ ליידיקן טראָטואַר פאַר סעגאַלאָוויטשן?"

ז. סעגאַלאָוויטש ווידער האָט נאָך ביי אַ פריערדיקער געלעגנהייט („רינגען", 1921) געשריבן: „יעדער קינסטלער איז שוין אַן און פאַר זיך פאַרמשפּט צו איינזאַמקייט. וואָס נעענטער ער גייט צו צו מענטשן, אַלץ איינזאַמער פילט ער זיך... פאַרשליסט זיך דער דיכטער בחדרי חדרים... אַ וועלט פאַר זיך איז ער, און זאָל ער נעמען פון דער וועלט דאָס וואָס ער קאָן נעמען."

* * *

אָט די דיסקוסיע גיט אונדז אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם, וואָס סעגאַלאָוויטש איז אין זיין גאַנצער שאַפונג. ווייל אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן ביזן סאַמע אויסברוך פון צווייטן וועלטקריג — איז ער געבליבן דער זעלביקער. ער איז ווייטער געגאַנגען „אויף דעם ליידיקן טראָטואַר פון דער גאַס" און איז ווייטער פאַרבליבן „אַ זעלנער אין דער יידי־שער ליטעראַטור". ער איז ניט נתפּעל געוואָרן פון דער קרי־טיק, ער איז געבליבן דאָס וואָס ער איז.

זיין צושטייער צו דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור און נאָך מער צו דעם וואוקס פון דער יידישער לייענערשאַפט — איז זייער גרויס. ער האָט צוגעטראָגן שפּייז פאַר גרויסע שיכטן, נייע און נייע לייענער. ער האָט זיי גע־וואונען פאַר דער יידישער ליטעראַטור, ער איז געווען זייער טרייסט און זייער העלד. ער האָט זיי געראַטעוועט פאַרן ליטעראַרישן וואָרט בכלל, פאַר עסטעטישע איבערלעבונגען, פאַר אַריינטראַכטונגען אין זינען פון לעבן. סענטימענטאַ־לער פאָלקסראָמאַן האָט זיין אָרט אין יעדער ליטעראַטור אויף אַ געוויסן שטאַפּל פון איר אַנטוויקלונג. מיט אומיטל־

בארקייט און אָפּנהאַרציקייט, מיט אמתער ניט־געקינצלט־קייט און פּשטות האָט סעגאַלאָוויטש באַהאַנדלט זיינע לייע־נערס, סיי זייִנע העלדן. מיט דעם האָט ער געוואונען זיין געוואַלדיקע פּאָפּולאַריטעט.

יעדער דור האָט זיינע שרייבער און אויך זיינע לייענער אָנפאַנגער. זיי מאַכן די ערשטע טריט אין ליטעראַטור, און עס מוזן זיין אָנגעגרייט די שרייבער־מדריכים, וועלכע וועלן אָננעמען פאַר אַ האַנט אָט דעם אָנפאַנגער און אים מילד אַריינפירן אין גאָרטן פון דער ליטעראַטור. אין פוילן איז סעגאַלאָוויטש געווען אַזאַ אונטערפירער. זייִנס אַ בוך לידער פּאָעמען, נאָוועלן, צי גאָר אַ ראָמאַן איז געשריבן פון אַ מענטשן מיט אַ פּאָעטישער נשמה, מיט אַ חוש פאַר פאַרב און קלאַנג; פון אַ מענטשן, וואָס קען מייסטעריש אויפ־בויען אַ ראָמאַן, וואָס ווייסט ווי אים אָנהייבן און ענדיקן. עס איז קינסטלעריש ניט גענוג געלייטערט. זיין וואָרט בריט ניט, בלענדט ניט. אָבער דער לייענער בלייבט מער ווי ניט גלייכגילטיק צו אים. ער קען זיך פון זיין בוך ניט אָפּרייסן, ער ווערט אַריינגעצויגן אין קאָך פון דער פאַבולע...

ז. סעגאַלאָוויטש האָט אימפּאָנירט דעם לייענער אויך מיט דעם וואָס ער האָט אין זיין ווערק אַרייִנגעפירט פרויען מיט אמתע און הייסע ליבע־געפילן, מיט ראָמאַנטישע און אַמאָל אַוואַנטוריסטישע באַגעגענישן, צוזאַמענשטויסן.

סעגאַלאָוויטש לעבט מיטן טאָג, מיטן אינטערעס פון דער מינוט, — ווייטע פּערספּעקטיוון פעלן אים. ער האָט ניט קיין אידעאַלן, דערפאַר פאַרלירט ער זיך אַזוי לייכט צווישן „דריי סאָסנעס" פון מענטשלעכע באַציאונגען, אינעם דרייעק פון ליבע. ער מיינט, אַז דאָ עקט זיך דאָס לעבן. ער גלויבט ניט, אַז אין לעבן איז דאָ עפּעס מער. גרויסע סאָציאַלע קאַמפּן, פּראָבלעמען — זיינען פאַר אים פונקט אַזעלכע צופעליקייטן, ווי אַ שיינער פרויס פאַראַטן איר העלד. דורכפאַל פון אַ רע־וואָלוציע און פאַראַט פון דער געליבטער — ביידע גלייכע קאַטאַסטראָפעס.

ז. סעגאַלאָוויטש איז דער דיכטער פון „אַזוי איז דאָס לעבן". ער האָט ניט די אַמביציע צו ווערן דער דיכטער פון „אַזוי דאַרף דאָס לעבן זיין". זיין אינטערעס ליגט אינעם היינט, ניט אינעם מאָרגן, זיין סטיכיע איז שאַפן, מאָלן, זינגען. ער וויל ניט זיין פּרעדיקער, קעמפער, פירער.

אין זיין פּאָעזיע איז ז. סעגאַלאָוויטש גראַציעז און עלעגאַנט אין קלאַנג און פערז. זיין וואָרט איז לייכט און פּילקאַליריק. ער האָט אַ טיף געפיל פאַר דער נאַטור און אירע שיינקייטן. ער פאַרמאָגט און גיט אַריין אין זיין ליד עכטן ליריזם, כאָטש עס טרעפט, אַז ער גייט אַריבער אין סענטימענטאַלקייט און יידישלעכער באַהאַרציקייט. ער פלעכט אָפט אַריין אין זיינע פּאָעמעס לעגענדאַרישקייט, פאַרחלומטקייט. ער איז פאָלקסטימלעך לויט דער שפּראַך, לויט די העלדן, לויט זיין גאַנצער טעמאַטיק. ער איז דער דיכטער פון ליבע און נאָך מער פון פאַרליבטקייט. זיינע טענדענצן און וועלטשמערץ־אָפּנויגונגען זיינען נאַאיוו און זיסלעך.

איציק מאַנגער האָט שיין און צוגעטראָפן כאַראַקטעריזירט סעגאַלאָוויטשעס פּאָעזיע:

„...דערפון נעמט זיך דאָס פראַגמענטאַרישע פון זיין ליד. דאָס צוגעאיילטע, איבערגעריסענע; מער לירישע רמזים איידער פאַרענדיקטקייט. סעגאַלאָוויטש איז דער ערשטער אָנזאָגער פון יענעם ליריש־נערוועזן טאָן, וואָס די שפּעטערדיקע מאָדערנע האָבן אים אויפגעכאַפּט און פאַרענדיקט... אַפּראָפּאָ דעם פראַגמענטאַרישן כאַראַקטער פון סעגאַלאָוויטשעס ליד. ס'איז דער פלאַטער־פלי פון אַ שמעטערלינג, וואָס איילט פון בלום צו בלום, קיין איינציקן בעכער דופט און סם טרינקט ער נישט אויס ביז צום סוף, נאָר אָנרירן רירט ער אַלע אָן. ס'איז די פּאָעזיע פונעם איילנדיקן באַריר. אַמאָל נעמט זי מיט, די דאָזיקע פּאָעזיע, אַ טראָפּן זון, אַמאָל אַ טראָפּן שטויב און אַמאָל גאָרניט ניט... די דאָזיקע ליריק איז אַ שפּיל מיט די פּערלמוטער־קנעפּלעך פון אַ מיידלשער בלוזקע... סעגאַלאָוויטשעס ליריק איז די פּאָעזיע פון אָפּרו, בעת אין דער מידער האַנט פלאַטערט דאָס פאַרפומירטע באַ-

טיסטל פון דער אַכצניאָריקער גימנאַזיסטקע, וואָס איז אַנט־שלאָפן געוואָרן לעבן פּאַרטעפּיאַן. נאַכטיגאַלן־געזאַנג מיטן ריח פון ראָזשינקעס און מאַנדלען. ...דאָס איז סך־הכל־איינ־דרוק, ניט פאַרגעסנדיק דערביי די פּאָעטישע אויפטאַקטן, די וויזיאָנערישע אויפבליצן פון צייט צו צייט, די נערוועזע שטייגערונגען, אין וועלכע סעגאַלאָוויטש האָט אַנטפּלעקט דאָס בעסטע פון זיין ליריק".

דעביוטירט האָט ז. סעגאַלאָוויטש מיט לידער. שפּעטער איז געקומען די דערציילונג און דער ראָמאַן. אין תוך אָבער איז ער אין אַלע דריי געביטן — דער זעלביקער. אָפטמאָל איז עס פּשוט וואַריאַציעס אויף די זעלביקע טעמעס. ער ברענגט אַרויס אין פאַרשיידענע פאָרמען און געשטאַלטן די זעלביקע שטימונגען און סענטימענטן.

*

ס'איז אַן אומזין ווען מען זאָגט, אַז ז. סעגאַלאָוויטש האָט זיך „צוגעפּאַסט" צו דעם פּשוטן לייענער, צו זיין אינטעלי־גענץ־ניוואָ און גייסטיקע באַדערפעניש. דער יידיש־לייענער, ווי פּרימיטיוו ער איז ניט געווען, האָט פון זיין זייט אויך צום גוטן באַווירקט דעם שרייבער, אים געשטויסן צו נייע עקס־פּערימענטן, צו פאַרפאַלקאָמען זיין שפּראַך, סטיל און פאָרם, אַריינברענגען פרישע און נייע טעמאַטיק.

ליטעראַטור איז ניט קיין פאַרגליווערטע דערשיינונג. אין דער ליטעראַטור גייט כסדר אָן אַ פּראָצעס פון המשכות, און צו דעם העלפן מיט סיי די שרייבערס, סיי די לייענערס. זיי טרעטן ביידע אויס אַ וועג פאַר דער המשכות פון דער יידישער ליטעראַטור. ד"ר שלמה עטינגער, מיט זיינע לי־דער, עפּיגראַמען, משלים און מיט זיין „סערקעלע" האָט אויסגעפירט די דאָזיקע מיסיע מער ווי מ'האָט זיך געקענט פאָרשטעלן. „סערקעלע" אַליין איז געווען אַ געוואַגטער און ממש געניאַלער עקספּערימענט — אין אַ סביבה וואו קיין טעאַטער איז ניט געווען, וואו ייִנגלעך און מיידלעך האָבן ניט געטאָרט עפנטלעך אויפטרעטן אויף די זעלביקע ברע־

טער פון דער סצענע. לינעצקי, א. מ. דיק און אַקסענפעלד האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַר מענדעלע מוכר ספרים און ספעקטאַר און שלום עליכם.

י. ל. פרץ איז אין דעם פּרט געווען אַן אויסנאַם. ער איז געלאָפן פאָרויס פאַר די לייענער און געפאָדערט זיי זאָלן אים נאָכלויפן, הגם עס האָט זיי נעבעך געפעלט נויטיקער אָטעם. אויך פרץ האָט געטראַכט און געטרוימט וועגן המשכות אין דער צוקונפט, צו אַ ברייט-פאַרמאָסטענער אידעאיש-אידעאָ־ליסטישער יידישער ליטעראַטור. בנוגע דער פאַרגאַנגענהייט האָט ער געשעפּט ניט אַזוי פיל דירעקט פונעם לייענער, ווי פון יידיש-נאַציאָנאַלע קוואַלן.

פאַליש איז אָפּצושאַצן איינצלנע נאָוועלן און ראָמאַנען פון זוסמאַן סעגאַלאָוויטש אין ליכט פון די ווערק פון אָפּאַ־טאָשו, שלום אַש, בערגעלסאָן א״א. אַזוי ווי דאָס גאַנצע לעבן, אַזוי איז אויך מיט דער ליטעראַטור, זי וואַקסט און אַנטוויקלט זיך, זי גייט מיט אַן אייגענעם נוסח; אַזוי איז אויך מיט די לייענערס, אויך זיי וואַקסן מיט דער צייט; אין געשמאַק, אין אידעאָלאָגיע. די יידישע ליטעראַטור האָט בכלל דורכגעמאַכט איר עקספּאַנסיע מיט ריזן-טריט, מען באַמערקט גאָרניט די צייט-פּאַוזעס און די געקייטלטקייט פון די שרייבערס און זייערע ווערק. מען דאַרף גאָר באַגריפן וואָס די שרייבערס האָבן זיך „צוגעפּאַסט״ צו די לייענערס, הגם די ביטערע מאַטעריעלע דאַליע פון יידיש-שרייבערס האָט זיי געטריבן צו שרייבן פאַר די טעגלעכע צייטונגען. יעדער שרייבער איז געווען גוט פאַר זיין צייט, פאַר זיין לייענער־סביבה. איז דען ביי אַשן, אָפּאַטאָשון און שלום עליכם אַליץ פון ריין-גינגאָלד, פון הויכן אידעאַליסטישן שטאָף? קען אַ ליטעראַטור באַשטיין בלויז פון געלייטערטן, דיסטילירטן מאַ־טעריאַל? די יוגנט, די אינטעליגענציע האָבן, למשל, ענטו־זיאַסטיש געפּאַטשט בראַוואָ און געקליבן נחת פון דער גרוי־פע „כאַליאַסטרע״. ווי לאַנג האָט געדויערט דער טומל און די היסטעריקע, די זעלבסט-זיכערקייט און דאָס חוזקן פון די „אַלטע״ שעפערס פון דער יידיש-ליטעראַטור פאַר זייער

קאָנסערוואַטיווקייט, פּאַרגליווערטקייט? מ. ליטוואַקאָוו האָט אויף אַ קאָנפערענץ פון קיעווער „קולטורליגע" געשריגן און געקלאַפּט אין טיש: מע דאַרף מיט אַ בעזעם אויסקערן מענ־דעלע מ"ס! האָט עס געהאָלפן? די יידיש־לעזער האָבן ווייטער זיך געקוויקט מיט מענדעלעס שטילן הומאָר, מיט זיינע אויפטוען אין דער יידישער שפּראַך, מיט זיין שמייסן יענע אַלע וואָס האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דער בידנער „קליאַטשע".

אַוודאי קען מען געפינען חסרונות, פּראָווינציאַליזמען, געשמאַקלאָזיקייטן אין געוויסע נאָוועלעטן פון ז. סעגאַלאָ־וויטש. מען דאַרף אָביעקטיוו אָפּשאַצן דעם ווערט און באַ־טייט פון זיין צאָלרייכער שעפערישקייט, פון זיינע צענדלי־קער יאָרן שרייבן און האָבן קאָנטאַקט מיטן יידישן לייע־נער, פון זיין ראָל אין דערציען נייע יוגנט־קרייזן פאַר דער יידישער ליטעראַטור; מען דאַרף סעגאַלאָוויטשן באַהאַנד־לען ווי אַ גאַנצע, גרויסע דערשיינונג. „אַלץ אין איינעם איז ניטאָ ביי קיינעם", און אויך ביי די קריטיקערס איז ניט אַלץ באַגרינדעט, טים געהעריקער אחריות און סאָלידקייט.

ווען מיר פירן אונטער אַ סך־הכל פון אַ שרייבערס שאַ־פונג, דאַרף מען נעמען אין אַכט דעם אַלגעמיינעם מצב פון דער יידישער קולטור, די דערגרייכונגען פון דער יידישער שפּראַך און שיינער ליטעראַטור ביז און אין זיין צייט, די סאָציאַלע אַנטוויקלונג פון די יידיש־לייענער, אויך די ראָל פון דער יידישער פּרעסע און איר באַציאונג צו די יידיש־שרייבערס און שאַפונגען. טוען מיר דאָס, דעמאָלט דערשיינט פאַר אונדז דער קאָמפּלעקס ז. סעגאַלאָוויטש אין דער געהעריקער ליכט, דעמאָלט קענען מיר אים אָפּשאַצן אָביעקטיוו, אָן פּניות. די דאָזיקע שורות ווערן געשריבן ניט ווי אַן אַפּאָלאָגיע פאַר ז. סעגאַלאָוויטשן, נאָר ווי אַ חוב לגבי דעם קינסטלער וואָס האָט פאַרנומען אַ גרויסן פּלאַץ אין דער ליטעראַטור און אין לעבן פון פאָלקסמענטשן און „יידן פון אַ גאַנץ יאָר".

דער לייכט־שרייבנדיקער און פראָדוקטיווער ז. סעגאַ־לאָוויטש האָט אויך געהאַט זיינע **אידעאישע** און **געזעלשאַפט־לעכע** פרינציפּן. ער האָט מיט ווירדע אויסגעהאַלטן די אַטאַ־קעס פון די פיינשמעקערס און שטערן־פּליערס. ער האָט באַ־קעמפט די זעלבסט־האַסערס צווישן דער אינטעליגענציע און בירגערטום. ער האָט געהאַט אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צום אַר־בעטער און זיינע פּראָבלעמען. ער איז געווען געטריי אי־בערגעגעבן צו יידיש און צו וועלטלעכקייט. און דאָס אַלץ פּאַסט זיך אין גאַנצן צו צום אינהאַלט און סטיל פון זיין שאַפונג.

זיין באַציאונג און זיין זאָרג וועגן יידישן לשון האָט ער אויסגעדריקט אין אַ סך פּאָעמעס און אויך אין פּראָזאַאישע עסייען. אַ פּאָר מוסטערן פון אָט די ריין־פּאָעטישע — דורכ־געלעבטע, דורכגעוויטיקטע, דורכגעטראַכטע רייד פונעם דיכטער זיינען געננג צו ווייזן די לייענערס ז. סעגאַלאָוויטשן אין זיין אמתן געשטאַלט:

„מיין יידיש איז פון יידישקייט, פון פאָלק־פּיעטעט, פון פּראַצעלייט, פון וועבערס, וועלכע וועבן אונדז טליתים אויס פון זייד, פון בשמים־קלייט, פון שניטגעווועלב, אין וואַלד־מסחר פּאַרטאָן — אַ הייליקע נישט־הייליקייט, וואָס קריכט ניט אויבנאָן.״

אין זיין בוך „פון מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב״ דער־ציילט ער וועגן דעם יידיש וואָס מען האָט געהערט „ביי די ברעגן פון ווייסל, ביים דניעפּער און דניעסטער״. ער דערמאָנט זיך, דערציילט ז. סעגאַלאָוויטש, „אין מאָסקווע, אין קערענסקים צייטן, האָב איך אָנגעשריבן אַ קורץ ליד, אַ מין הימן צו יידיש״ —

„זאָל דאָס זיין פון גאָטס מתנות,
צי פון גלות אַ ירושה...
טראָג זיך, טראָג זיך פריי פון האַרצן
אונדזער יידישע קדושה!
דו פאַראייניקסט אונדזער אומה

איבער גרענעצן און ימען —
ווער עס שעמט זיך מיט זיין לשון,
יענער שעמט זיך מיט זיין מאַמען."

אין תל-אביב, צוקוקנדיק זיך צום מצב פון יידיש אין דעמאָלטדיקן ארץ-ישראל, זאָגט ער: „איך בין אָראָפּגע־ריסן געוואָרן, ווי אַ פאַרשימלט דאַך-ברעטל פון אַ גרויסן בנין. דער בנין איז געווען יידיש, איך האָב אים מיין לעבן אָפּגעגעבן. די שפּראַך האָט שיינקייט. די שפּראַך האָט אמתע נשמה פון פאָלק, מיט געשליפענע פאָלקסווערטלעך, מיט געזאַלצענעם הומאָר. זיידעס האָבן עס אונדז איבער־געלאָזט. און ניטאָ קיין מיאוסערע זאַך ווי פאַרטאַכלעווען אַ ירושה. איך בין גרייט ביזן סוף צו קעמפן פאַר דער גאַנצקייט פון דער ירושה".

דער ענטוזיאַסטישער באַזינגער פון דער פרוי, פון דער שיינקייט פון דער נאַטור; דער אויסזינגער פון עסטעטישע סטראָפן און גראַמען, פון מוזיקאַליש-קלינגענדיקע טענער, — האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם מצב פון יידישן כלל ווי אַ פאָלק, מיט זיין פאַרצווייגטער קולטור און מיט שווע־רע נאַציאָנאַלע פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען.

נאָך גאָר אַ יונגער מיטאַרבעטער און מיטבויער פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, האָט ער אין 1915, אין דער „יידישער וועלט" (ווילנע) פאַרעפנטלעכט אַ דראַמאַ־טישן עטיוד אונטערן נאָמען „די וואַנט". שווערע נסיונות האָט ער געהאַט אויסצושטיין פון דער רוסישער צענזור, ווייל דער לאָזונג פון דער דראַמע און איר צענטראַלע אי־דעע איז באַשטאַנען אין די צוויי קליינע שורות מיט וועלכע זי פאַרענדיקט זיך און וועלכע דער הויפּטהעלד דן פּראָקלאַ־מירט: „בעסער טויט איידער טראָגן די חרפה אין האַרצן."

די סצענע שפּילט זיך אָפּ אין מיטלאַלטערלעכן געטאָ. דער פעאָדאַלער פירשט וויל אָוועקרייסן פאַר זיך דנם כלה, יהודית. לייענען מיר דעם דיאַלאָג וואָס קומט פאָר אין די לעצטע מינוטן פונעם צוויי-קאַמף צווישן פירשט און דן:

**דן...:**

נעם צו דיין פאַרשאָלטן גאָלד!
איר פייניקט אונדז ווילד און איר צאָלט...
האָסט באַליידיקט מיין שטאָלץ,
די גרייט צו באַצאָלן פאַר אַלץ!
(באַקומט זיין שווערד)

**פירשט:**

אַ ייד מיט אַ שווערד?
ניט געזען און ניט געהערט
האָב איך אַזוינס!

**דן:**

טאָ פיל עס! (שלאָגן זיך ביידע) — — —
איך פיל מיין האַנט ווערט שלאַף...
אַ טויזנט־יעריקער שקלאַף...
מיין ברוסט... מיין... (פאַלט).

**פירשט:**

איך דריק דיר, ייד דיין האַנט.
דו ביסט עס ווערט.

**דן:**

לאָז יהודיתן צורו!

**פירשט:**

אין נאָמען פון מיין שווערד, איך זאָג דיר צו.

אין „קאַזמיערזש", אַ פּאָעמע וואָס איר טעמאַטיק איז לעבן, ליבע, בלומען, טייך, זייגען אויך דאָ דיווערסיעס פון ריין־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. אומדערוואַרט פאַלט אַריין דער דיכטער אין יידישלעך־נאַציאָנאַלן טאָן, און מיר לייע־נען (קאַפּיטל 10 און 22 —„קאַזמיערזש"):

עס טאָגט שוין, עס קומט אָן אַ נייער פרימאָרגן...
עס זינגען די וועלדער — דאָס זינגען וויגט איין
מיין מידע נשמה! שוין צייט צו גיין שלאָפן;

אין שלאָפן וועסטו אפשר גליקלעכער זיין —
דער גאָט פון חלומות איז גאָר ניט קיין קאַרגער,
אין חלום וועט קומען מיין מיידל צו מיר,
אין חלום וועט שטרייטן מיין פאָלק פאַר זיין צוקונפט.

...ביי אונדז אָבער גרייט מען זיך איצט צו אַ תענית,
מען זיצט און מען קלאָגט אַלטע קינות אויף דער ערד,
איך שטיי דאָ מיט וואַנדען ביים שול, ביי זיין פענצטער,
זי שווייגט. עפּעס האָט זי זיך מאָדנע פאַרקלערט. —
צי איז דיר כאָטש איצטער פאַרשטענדלעך מיין טרויער:
מיין פאָלק האָט פאַרלוירן דאָס גלויבן אין זיך...

———איך קען זיי ניט העלפן, איך קען דאָ ניט שטרייטן,
ניטאָ דאָ אין גלות קיין שלאַכטפעלד, נישטאָ.
קיין קרבן נישטאָ און נישטאָ קיין מזבח.
ס׳פעלט גלויבן און שטאָלץ אין דער ביטערער שעה...

און אַזוי רעדט ער ווייטער: „אָ, יידישע טעכטער, איר בלומען פון גלות; ער דערהערט אַ שופר פון ווייטן".

...איך שטיי ביי דער אַלטער, געבויגענער שול...
שוין אלול... דאָך פרעמד איז מיר איצט זייער תפילה,
איך וויל ניט אַריינגיין און קען ניט אַוועק —
די תפילה פון די וועלכע גיבן זיך אונטער,
זי ברענגט מיר בלויז טרויער און פּיין און אַ צוועק.

אַזעלכע שטימונגען — דאָס זיינען ניט פּשוטע אויסדרוקן פון נאָסטאַלגיע נאָכן אַמאָל. דאָס זיינען טיף־פאַרוואָרצלטע געפילן, חשבון־הנפשדיקייטן. שפּעטער ווערן די דאָזיקע שטימונגען פאַרוואַנדלט אין האַס צום הפקרדיקן קליין־בירגער און אינטעליגענט מיט זייער האַס און פאַראַכטונג צום יידיש־לשון, צום יידישלעכן לעבנשטייגער. ער ווערט דער זינגער פון שינאה צו די „שמענדריקעס", און

אין 1930 דרוקט ער אָפּ אַ בוך דערציילונגען א״נ „שמעַנ-דריקעס״ (זז׳ 195).

„שמעַנדריקעס״, וואָס דאָס מיינט אפילו ניט אַסימי-לאַציע, פּאָלאָניזאַציע, נאָר סתם אַ פאַרקריפּלט שעמען זיך מיטן אייגענעם לשון, מיטן אייגענעם פאָלק... דער שמעַנ-דריקיזם ברענגט דעם דיכטער „טרויער און פּיין אָן אַ צוועק״.

דער דיכטער פון שיינקייט און עסטעטיק ווערט אויך זינגער פון נאַציאָנאַלן געפיל און גלויבן.

דער יידישער לייענער, וואָס האָט געשלונגען יעדן ווערק פון ז. סעגאַלאָוויטש, איז ניט געווען ביכולת צו אַנאַליזירן און אָפּשאַצן ז. סעגאַלאָוויטשן ווי אַן איינהייטלעכע געביי-דע, ווי אַ קינסטלערישע גאַנצקייט. ער האָט אינסטינקטיוו און אומדירעקט באַנומען די חשיבות פון זיין שרייבער. אויך מיר היינט, אָפּשאַצנדיק ז. סעגאַלאָוויטשעס אויפטו פאַר דער יידישער ליטעראַטור, דאַרפן אים ראשית באַהאַנדלען ווי אַ גרויסע גאַנצקייט, ווי אַן **איינהייטלעכע סטרוקטור**.

חסרונות און דורכפאַלן אין דעם אָדער אַנדערן ווערק? אָבער צוליב איין עפּיזאָד, איין העלד — טאָר מען ניט פאַר-זען דעם גרויסן וואַלד מיט מעכטיקע ביימער - שפּיצן גע-שטרעקט צום ליכטיקן הימל. די יידישע קריטיק פון אונ-דזער טעג איז זיכער מער רייף צו אַזאַ אָביעקטיווער אָפּ-שאַצונג.

אוודאי, סעגאַלאָוויטשעס אַרסענאַל פון ווערטער, פאַרבן, קלאַנגען, איז סוף-כל-סוף אַ באַגרענעצטער (אין עטלעכע פאַלן קלאָגט זיך דער פּאָעט און נאָוועליסט אַליין אויף דער באַגרענעצטקייט), און דעריבער איז ער ניט מסוגל צו שאַפן אַן אייגענעם **סטיל, נוסח** — אַזוי ווי די יידישע שרייבערס פון פאַרן אָנהייב פון 19טן י״ה און **נאָך** דעם — ניט פאַראַן קיין סעגאַלאָוויטש-נוסח, לויטן באַגריף פון י. ל. פּרץ, נאָמ-

בערג, אָדער דינעזאָן, בערגעלסאָן, א"א — דער נים־נוסח איז אויך אַ מין נוסח, און ער געווינט זיינע לייענערס.

אין דעם קורצן פּעריאָד פון דער „כאַלאַסטרע־רעוואָ־לוציע" „איז סעגאַלאָוויטש געבליבן סטאָאיש אין אַ זייט. ער האָט זיך נים געלאָזט באַווירקן פון דער מאָדע, מיטרייסן מיט דער עקסטראַוואַגאַנטער גערוואַגטקייט פון דער כאַ־לאַסטרע, וואָס האָט געמיינט אַז זי קערט וועלטן. ער האָט ווייטער אָנגעהאַלטן זיין ראָמאַנטישן טאָן אין דער דיכטונג און די רעאַליסטישע ליניע אין זיינע סקיצן און דערציי־לונגען" (מ. קאַפּהיים).

ז. סעגאַלאָוויטש האָט דעם נייעם יונגן לייענער גע־בראַכט נייע טעמאַטיק (ליבע, ים, בלומען, פעלדער, לעבן, טויט). דאָס איז געווען אין גייסט און שטימונג פון נייעם יידיש־לייענער און זעלבסט־בילדונג־זוכער, דאָס האָט אים געהאָלפן שטאַרק הנאה האָבן פון בוך און ליטעראַטור. אַליין פאַר זיך, אַליין וועגן זיך — און דער לייענער האָט דער־פילט צו אים וואַרעמקייט, סימפּאַטיע. זיינע טיפּן, גענומען פון דער יידישער גאַס, פון נאַלעווקעס, און אַפילו די אינ־טעליגענציע — דער לייענער האָט צו דעם אַלעם דערפילט קרובהשאַפט, היימישקייט, יידישלעכקייט.

יעדער יידישער שריפטשטעלער האָט אויסגעפירט זיין שליחות, לויט זיינע אייגנאַרטיקע מיטלען און פעאיקייטן. ז. סעגאַלאָוויטשעס באַשערטער באַרוף איז געווען: ברענ־גען ליכט און פרייד צו די וואָס האָבן זיך אַזוי גענויטיקט אין דעם: ז. סעגאַלאָוויטשעס סענטימענטאַלע קלאַנגען אין ליד; די אָפנהאַרציקייט, באַשיידנקייט, היימישקייט — אין פּראָזע.

אין 1913 האָט ז. סעגאַלאָוויטש פאַרעפנטלעכט זיין פּאָעמע „אין קאַזשמיערזש". דערציילט ש. האָראָנטשיק וועגן זיין שטאָט קאַליש, וואו ער און זיינע חברים פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן אין פּאַרק און לייענען און דיסקוטירן דאָס געלייענטע. „איינמאָל, דערציילט ער, האָבן מיר געלייענט

אין אַ פּרייטיקדיקן 'היינט' וועגן סעגאַלאָוויטשעס אַ נײַ ווערק. דער מחבר פון דער רעצענזיע איז געווען דער גרויסער י. ל. פּרץ אַליין, און געענדיקט האָט פּרץ זיין אַרטיקל וועגן סעגאַלאָוויטשעס ווערק מיט די געהויבענע ווערטער: „מיט אַזעלכע ביכער מאַכט מען רייך אַ ליטעראַטור". אַזעלכע דיבורים פון פּרצן! מיר האָבן ניט פאַרזאַמט און באַשטעלט ביים צייטונגס־אַגענט דאָס דאָזיקע נייע ווערק. דאָס איז געווען די פּאָעמע 'אין קאָזמיערזש'. דאָ זיינען שוין קיין צוויי מיינונגען ניט געווען, אַלע האָבן מיר אַ פולן מויל באַגייסטערונג געשריגן: אַ, אַ, גוט, גוט!"

אַך, ווען עס געפינט זיך איינער אַ ליטעראַרישער פאַרשער, און ער זוכט אָפּ פּרצעס רעצענזיע, און דרוקט זי איבער, און מיר קענען הערן זיין פולע באַגרינדעטע מיינונג. אָבער אפילו די אייגע קורצע שורה וואָס האָראַנטשיק ברענגט, איז גענוג מיר זאָלן פאַרשטיין און אָפּשאַצן די אויטאָריטעטע מיינונג פון פּרצן. יאָ, דאָס איז דער עיקר — „מאַכן רייך אַ ליטעראַטור". און דאָס איז חל אויף דעם גאַנצן ז. סעגאַלאָוויטש.

עס איז ליטעראַטור — דאָס איז דער סך־הכל פון „גאַנץ סעגאַלאָוויטשן". פּאָעמע, ראָמאַן, נאָוועלע, — עס איז אַלץ אין איינעם, עס איז די ברכה פון אַ גאָט־געבענטשטן טאַלאַנט. מען מעג געפינען פעלערן אין דער קאָנסטרוקציע און אינהאַלט פון דעם אָדער אַנדערן ראָמאַן אָדער פון זיינע געוויסע טיילן; געפינען לייכטוואָגיקייט, צופיל פשטות־דיקייט אין דער אָדער יענער פּאָעמע, כלומרשט אָן אָן אידייע, פאַרנומען בלויז מיטן „איך" פון דער אינטעליגענציע אָדער האַלב־אינטעליגענציע, — וועט מען אָבער בלי־ספק באַלד אַנטקעגנשטעלן פּאָעמעס און סטראָפעס וואָס זיינען פול מיט חן און גראַציעזקייט, ווערק וואָס זיינען פול מיט שיינקייט פון אייביקייט און מיט אייביקייט פון שיינקייט. דער גאַנצער סעגאַלאָוויטש איז אָן איינהייט, אָן אויסגעהאַלטנקייט, מיט וועלכער די מוזעס האָבן אים באַשאָנקען.

ער שוועבט אין אַן אַטמאָספערע פון קאָלירן, בלומען, מוזיקאַלישע קלאַנגען און פּאָעטישע גראַמען, אין דער רייכ־קייט פון דער נאַטור, אירע לבנה און שטערן, אירע דו־רותדיקע וועלדער און שפּילעוודיקע סטעפּעס, אירע טייכן און ימען. און מער פון אַלע צויבערט אים די פרוי, מיט איר צאַרטקייט און קאַפּריזן, מיט איר פּראַכט און איינגעוואָר־צלטער צניעות. פּשוטע שפּראַך און אויסדרוק — אָבער דאָס איז די שפּראַך פון דורות, וואָס האָט איינגעזאַפּט קלוג־שאַפט, שעפערישקייט, — דאָס איז פאָלקסטימלעכע שפּראַך, וואָס בינדט צונויף דורות און שיכטן און מאַכט פון זיי איין גאַנצקייט, גיט זיי לעבנסקראַפט און פרייד און עקשנות בייצושטיין יסורים און פּיינען.

ער האָט אַ געוואַלדיקן חוש פאַר זיין יידיש־מוטער־שפּראַך, מיט איר שפּילעוודיקייט און בייגעוודיקייט, אומ־מיטלבאַרקייט און געמיטלעכקייט. אים פעלן ניט קיין ווער־טער און ער דאַרף ניט שאַפן קיין שפּראַך־געוויקסן, כלו־מרשטע נייע וואָקאַבולאַרע דערפינדונגען און אויפטוען. ער פאַרמאָגט אייגענע אַרטיסטישע בילדערישקייט, און דאַרף ניט קיין ניט־געשטויגענע אַבסורדן, נאַנסענסן און גראַמען; זיינע העלדן זיינען פּשוט פון לעבן גענומען, און ער פאַר־שפּאָרט זיי אַריינשטעלן אין ראַמען פון אויסטערלישע העל־דישקייטן און מעשים־טובים.

ער איז ניט געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור ווי אַ מלמד מיט אַ טייטל, ווי אַ מוסר־זאָגער. ער איז ניט גע־קומען אין דער יידישער ליטעראַטור מיט אַ פּאָרויסיקער מיסיע, נאָר ווי אַן אייגענער משפּחה־ברודער; און מיט דער פּשוטסטער כוונה פון געבן דעם יידישן מענטשן אַ ביסל פרייד און ליכט, פאַרוויילונג און שמייכל. פון ווירקלעכקייט און פאַנטאַסטישער לעגענדע שפּינט ער צונויף נייע עמאָ־ציעס, נייע בילדער און פּסיכיק, נייע ניגונים און נוסח. און ער ווערט אַ מיטבויער פון יידישער ליטעראַטור, אַ זאַמלער פון יידיש־לייענערס, מיט זייערע ליידן און פריידן.

ז. סעגאַלאָוויטש האָט קיין מאָל ניט פּרעטענדירט צו

זיין אַ נביא, דער דיכטער פון אידייען און לאָזונגען. ער איז שטענדיק געווען דער דיכטער פון לעבעדיקן לעבן, פון דער אַלטאָגיקייט. זיין וועלט, אין וועלכער און מיט וועלכער ער האָט געלעבט, איז ניט געווען קיין וועלט פון חלומות און טרוימען, נאָר אַ פולשטענדיק רעאַלע און קאָנקרעטע — די וועלט פון פוילישע יידן, דאָס ערד פון פוילישן פאָלק.

„עס האָט יעדער מענטש אין זיין לעבן איין לאַנדשאַפט וואָס בלייבט אין נשמה" — אַזוי האָט סעגאַלאָוויטש גע־זונגען אין אַ גרעסערער פּאָעמע. און סעגאַלאָוויטשעס לאַנד־שאַפט איז געווען און געבליבן איין און איינציקער — דער יידיש־פוילישער. דאָס מיינט ניט דווקא דער לאַנדשאַפט ממש, די נאַטור, די טאָפּאָליען און דאָס „גאָלדענע קאָרן ביי קאַזמיערזש, פולאַווי, גאַרוואָלין." דאָס מיינט אויך — און אפשר נאָך אין אַ גרעסערער מאָס — דער גייסטיק־מאָראַ־לישער „לאַנדשאַפט" פונעם גאַנצן יידישן לעבן אויף דער יידישער ערד.

עס איז זיין גרויסע מעלה — קענען זיך צונויפגיסן און אידענטיפיצירן מיטן ברייטן עולם, דעם טיפּישן מאַסע־מענטש, עמכדיקן יידישן לייענער. ער האָט זיך ניט „פאַר־שמעלט" פאַר קיין פּאָעט. ער האָט טאַקע אויף אַן אמת הנאה געהאַט פון די „קאַלירטע מאַטילן" און פון דער ווייַ־סער בעריאָזע. און ער האָט אוממיטלבאַר, אַזוי ווי איינער פון פאָלק און פון זיין יונגן דור, געזונגען וועגן דעם אַלעם. ער האָט ניט מורא געהאַט צו זיין סענטימענטאַל און צו רעדן מיט אַ פּשוטער שפּראַך, וועלכע האָט זיך אַזוי לייכט און זיס געגראַמט און געלאָזט ממש זינגען. ער האָט זיך ניט זשענירט און זיך ניט געשעמט פריי צו דערציילן וועגן זיי־נע געפילן און בענקשאַפטן. עס איז אין אים שטענדיק גע־ווען אַ מין אָפנהאַרציקייט, פּשוטקייט און אַנטפּלעקטקייט, וועלכע איז מעגלעך נאָר ביי איינעם, וואָס איז אויף אַן אמת „מיט מענטשן אַ צוזאַמען". זיין צוטרוי צו די נאָענטע מיט־מענטשן און מיט־יידן איז אַזוי גרויס, אַז ער האָט מיט

דער גרעסטער לייכטקייט זיי אנפארטרויט זיינע אינטימסטע סודות און געפילן.

פריוואט אין לעבן איז אט דער הויכער, שלאנקער ז. סעגאלאוויטש א שטאלצער געווען, אן אין זיך פארשלאסע־נער, דיכטער. אין שרייבן אבער איז ער דער צוגעלאזנסטער, הארציקער און אינטימער, א פשוטער „פאניע־בראט" מיט יעדן לעזער און לעזערקע. אין לעבן איז ער דער זעלבי־קער אינטעליגענט וואס יעדער פון אונדז, מיט זיין אייגע־נער לעבנספילאזאפיע, מיט זיינע באליבטע שרייבערס; גע־זען א וועלט, געווען אין בערלין, פאריזש און לאנדאן. אבער אין שרייבן איז ער שטענדיק געווען גאר־איינפאך און פאלקס־טימלעך, זיך ניט געחכמעט און ניט „פילאזאפירט" —

„איך בין דא יעדנס מחותן
און אלע צו מיר — מחותנים...
...געהאט דארט די זעלבע ענינים
און קיינמאל פון זיי ניט געלאפן,
געשריבן פאר זיי פעליעטאנען
נאוועלן און לידער, פיל סטראפן."

וואס אייגנטלעך האט אים געמאכט אזוי פאפולער ביי די מאסן־לייענערס? עס איז ניט דער כישוף פון זיין פער־זענלעכקייט. עס איז ניט צוליב די אידייען, וואס זיינע ווערק האבן געפרעדיקט. עס איז די פשוטקייט און הארציקייט. אט ווי ער אליין באשרייבט —

„די יידישע קלעזמער... די פידלען,
זיי פלעגן דאך הערצער צערייסן,
די יידישע קלעזמער"...

אזא איינער, א הערצער־רייסנדיקער, איז ער א לעבן־לאנג געווען און געבליבן, אין זיינע לידער און פראזע, אין

זיינע פּאָעמעס און ראָמאַנען, אין זיין ראָמאַנטישקייט, סענ־טימענטאַלקייט און הומאָר.

מיט אייערע קלייטלעך — פּרנסות פון ווינט,
מיט אייערע מצוות, מיט אייערע זינד —
איך ליב און באַזינג איך פון שטענדיק ביז היינט,
אַזוי און ניט אַנדערש, אַזוי ווי איר זיינט.

(ערב מאַידאַנעק)

לאָמיר באַהאַלטן אין אונדזער זכרון די ווערטער וואָס ז. סעגאַלאָוויטש האָט געשריבן וועגן פּוילישן יידן, זיין אָפן־הארציקן זאָג וועגן דעם ווי אַזוי ער האָט אים „ליב געהאַט און באַזונגען" — „אַזוי און נישט אַנדערש אַזוי, ווי איר זיינט".

# דער מקונן און זיין איכה

עס איז געקומען די פינצטערע מלחמה, דער גאַ־צישער מבול. דער דיכטער האָט זיך געלאָזט אין גלות מיט זיין פאָלק. די גאָלדענע פאַווע פליט ווייטער איבער ימים און מדבריות, און ווער קען ציילן וויפל גאָלדענע פעדערן זי האָט אין דעם דאָזיקן וויסטן וואַנדער־וועג פאַרלוירן.

סעגאַלאָוויטש איז אויף דער עלטער אַ פּליט. ער פּראַ־וועט זיין 60סטן געבוירנטאָג ווייט פאַרוואָרפן פון זיין היים, פון זיינע נאָענטע און געליבטע, אַרויסגעריסן מיט די וואָרצ־לען, „אַ וואַגלער פון שטאַם אויסגעראָטן, איך בין ווי פאַר־מערקט און פאַרשטאָכן... אַ ממזר פון 60... אַ שאָטן".

און פונעם ערשטן מאָמענט, ווי נאָר ער איז צו זיך געקומען און אַ מקום מנוחה געפונען אין תל־אביב, און ביזן לעצטן טאָג האָט ער ניט אויפגעהערט צו קלאָגן און צו באַוויינען דעם גרויסן חורבן, וואָס האָט זיין פאָלק געטראָפן. שוין באַלד ביים אוועקשטעלן זיינע אויסגעמאַטערטע וואַנ־לער־פיס אויף דער רואיקער ערד, האָט ער אַ נדר געגעבן — „אין ערגעץ ניט וויסן קיין רו". און פון יענעם טאָג הערן אים ניט אויף צו פייניקן די בילדער פון ווארשע, די ביל־דער פון אַמאָליקן יידישן לעבן אין פוילן, און וואָס ער לאָזט ניט אַרוים פון אונטער זיין פען, איז עס ווידער און ווידער דאָס געזאַנג וועגן נאַלעווקעס און וועגן קאַזמיעזש, און וועגן געטאָ־יידן אין לאָדזש און אין לובלין. ער הערט די קלאַנגען פון זייער יידיש לשון און פון זייער זינגען און דאַוונען. ער חזרט איבער די טייערע נעמען פון די וואָס זיינען אומגעקומען פאַרן כלל און פון די וואָס האָבן אינגאַנצן קיין נעמען ניט געלאָזן נאָך זיך. פאַר זיינע אויגן

שוועבן די טויזנטער געשטאַלטן, וואָס זיינען אים אַזוי ליב געווען און וואָס מיט זיי האָט ער אַזוי פיל יאָרן פאַרבראַכט צוזאַמען. און יעדעס מאָל כאַפּט ער זיך, אַז ער איז „אַ צווייג אָפּגעבראָכן", „אַ דור איז מיר דאָרטן פאַרבליבן", „פאַרלאָרן דער קול פון מיליאָנען"...

מיר וויסן גאָרנישט אין אימה
וואָס מיר האָבן איצטער פאַרלאָרן...
אין שוואַרצע פאַרלאָרענע תהומען
אַריין זיינען דורות און יאָרן...

אין זעקס קינות — זעקס לאַגלען פון בלוטיקע טרערן — האָט דער דיכטער אויסגעוויינט און אויסגעקלאָגט זיין טיפן צער און דעם אומגליק פון זיין פאָלק. ניטאָ פאַרן דיכטער קיין טרייסט און ניטאָ קיין בארואיקונג.

כאַטש רייס מיט די נעגל די שטיינער,
כאַטש קריך אויף די ווענט מיט געשרייען...

און וויפל ער קלאָגט ניט, האָט ער אַלץ דעם באוואוסטזיין:

צו ווייניק זיי, די הייליקע, באַקלאָגט.
פון גאָרער ערד די בלומען צונויפגענומען,
אַ קדושה־קראַנץ אַוועקלייגן פאַר זיי.

און ווי דער דיכטער, אַזוי אויך מיר, זיינע לייענער און אַלטע פריינד, זעען ניט קיין טרייסט און קיין בארואיקונג. מיר קענען נאָר אונדזערע טרערן פאַראייניקן מיט זיינע, מיר קענען נאָר אים נענטער צוטוליען צו זיך, צוזאַמען מיט אים —

און אַוודאי און אַוודאי האָבן מיר פאַר אים קיין טרייסט ניט, ווען ער רעדט וועגן די קינדער, אין זיינע וויזיעס פון געטאָ זוכט ער די קינדער... אויף די ברעגן פון זיין

ווייסל זוכט דער דיכטער די קינדער, אפשר וועט ער זייער שטים דערהערן, זייער אַ געלעכטער און אַ שטיפעריי. אָבער פינצטער און פאַרשטומט אין דער גיהנום, וואָס רופט זיך חורבן פוילן, אונטערגעגאַנגען איז דער „פשוטער ייִד אי־טשע מאַיער", און צוזאַמען מיט אים אויך זיין ירושה־דור, זיין יוגנט, זיינע בלי־קינדער.

„אויף קינדער אויף קליינע און צאַרטע,
אויף זיי, בלויז אויף זיי מיין רחמנות..."

דער דיכטער פרעגט ביי גאָט, צי אויף דעם האָט ער אים „גרוי־ווייס און אַלט געמאַכט", אַז ער זאָל דערלעבן צו זען ווי זיין פאָלק איז פאַרטיליקט, ווי זיינע קינדער פאַרשווינדן —

ניט סטייען וועט קיין ליכט אַפילו
אין טעג פון יאָרצייט אָנצוצינדן...
מיט פאָלק געווען איז ליד און תפילה,
און פאָלק וועט גאָט אַליין פאַרשווינדן...

קיין בעסערע און הייליקערע יאָרצייט־ליכט, ווי דאָס זיינען די פליסנדיקע שורות פון סעגאַלאָוויטשעס פּאָעמעס, קענען גאָרניט זיין. מיט זיי האָט ער צום ערשטן מאָל מיט אַ פערציק יאָר צוריק געזונגען פאַר אונדז וועגן זיין קוז־מיעזש, איצט האָט ער זיי געווידמעט דעם אָנדענק פונעם הייליקן קרבן **אַרטור זיגעלבוים**, און ווי יאָרצייט־ליכט האָט ער זיי אָנגעצונדן שטיל און באַשיידן אויף די הייליקע קברים...

פאַרוואָס איז עס גראָד ז. סעגאַלאָוויטש געוואָרן דער גרויסער מקונן אויפן חורבן? און וואו האָט ער גענומען די „רואיקייט" צו שפּינען די אַלע מיט בלוט דורכגעזאַפּטע פעדזן? פון וואַנען האָט ער געשעפּט די טיפע טרויער־געפילן?

דעם ענטפער דערויף גיט אונדז די גאַנצע כאַראַק־טעריסטיק פונעם דיכטער: זיין אוממיטלבאַרקייט, אומגע־קינסטלטקייט, פשטותדיקע פאָלקסטימלעכקייט; זיין צוגע־בונדנקייט צו דער יידיש־פוילישער ערד — דאָס אַלץ איז אים בייגעשטאַנען. זיין ליבע און געטריישאַפט צו יידיש און צו וועלטלעכע פאָרמען פון דער יידישער קולטור, זיין צונויפגעגאָסנקייט מיט „יידן פון נאַלעווקער ראַיאָן", מיטן „גלות"־יידנטום — דאָס אַלץ האָט אים געגעבן די זכיה, דאָס רעכט און דעם חוב צו ווערן דער אויסדריקער, אויס־זינגער, אויסוויינער פונעם פאָלקס גרעסטער קאַטאַסטראָפע...

נישטאָ מער וואַרשע, נישטאָ מער טלאָמאַצקע און נאַ־וואָליפּיע, נישטאָ מער דאָס יידישע קוזמיעזש, און נישטאָ שוין מער ז. סעגאַלאָוויטש, וועמען עס איז באַשערט געווען צו ווערן דער קדיש־זאָגער אויף דעם אַמאָל. ער האָט באַוויינט דעם „דאָרטן".

איך בין שוין מיד, אַ מידער מייסטער,
און איינגעבראָכן פון דעם טרויער.

אין הונדערטער פּאָעמעס, אין צענדליקער הונדערטער שורות האָט ז. סעגאַלאָוויטש באַקלאָגט און מיט בלוטיקן געוויין באַגאָסן זיינע קינות איבער חורבן פוילן, אָבער עס גיט אים נישט קיין רו, קיין טרייסט.

— „אין זיין 'נישטאָ' — שרייבט י. גלאַטשטיין — איז אפשר פאַראַן מער דאָ־באַוואוסטזיין פון אַ לעבן, וואָס איז ערשט געווען, ווי אין דעם גאַנצן לעבעדיקן צושטייער זיי־נעם, וואָס איז געווען פלעגמאַטיש פאַרגליווערט. אין דעם גוואַלד ווערט אויפגעלעבט אַזויפיל פאָלקס־געוויין און צער, אַז דער קינסטלער סעגאַלאָוויטש האָט אין זיין קול דער־הערט דעם רעליגיעזן ציטער, וואָס ער האָט אַלעמאָל גע־וואָלט אַריינגיסן אין זיינע ווערק און וואָס ער האָט כסדר געהאַלטן אין איין אָפּלייגן, אויף שפּעטער, ווי ער וואָלט זיכער געווען מיט אייגענער אריכת־ימים און מיט דער

אייביקייט פון פאָלק. אין זיין „נישטאָ" איז פאַראַן עפּעס פון דער אויפגעפלאַמטער קינסטלערישער גבורה פון אַ שמשון אויף דער עלטער, וואָס האָט בלינדערהייט אַ טרייסל געטאָן די זיילן פון יידישן קלאָג-נוסח. ער האָט אַלעמאָל פאַרמאָגט פשטות, אָבער זי איז געווען אַ רואיקע. דאָס מאָל איז זיין פשטות פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם קאָ־לעקטיוון אויסגעשריי פון טויטע משפחות, וואָס האָבן געיאָמערט אין זיינע זאָגערישע פסוקים.

„ער האָט אויסגעוויינט אַלע זיינע, און אפשר אויך אונדזערע, טרערן, און אין זיין לעצטן בוך „איצטער" האָט ער דערפאַר שוין ניט מער ווי געזיפצט וואַריאַנטן אויף דער זעלביקער טעמע.

— „אָבער דער בעל-תפילה האָט געוואוסט, אַז די נשמה אין אים איז שוין געווען טויט. זי האָט זיך אָנגעצונדן, אויפגעפלאַמט, ווייל אַזוי האָט מען אויף דער נשמה גוזר געווען. אָבער אפילו זיצנדיק אין צפת, האָט ער געשפּירט, אַז זיין פאַרלאָשענע נשמה האָט שוין אַלץ אָפּגעטאָן אויף דער וועלט. ער האָט געפילט די הייליקייט פון לאַנד, געהערט די טריט פון יידישן עבר, אָבער ער האָט בלויז געוואָלט צעגיין אין דעם אַלעמען, אַריינזינקען, פאַר־שווינדן".

— „די שפּראַך האָט אים וואונדערלעך געדינט, ווען ער האָט געזאָגט קדיש נאָך די „נאַלעווקער" יידן פון גאַנץ פּוילן. ער האָט אויף אַ גרויסאַרטיקן אופן אָנגעהאַלטן דעם וואַרעמען געמיש פון די אַלע בשמהדיקע טיילן, וואָס האָבן אונדזער לשון צוזאַמען מיטן פאָלק געגעבן דעם אויסדויער צו טראָגן אַ גלות אויפן קאַרק. מיט די קלאָגלידער האָט ז. סעגאַלאָוויטש געגעבן יידיש אַ גרויסן תיקון און אַריינגעשריבן יידיש-איכה אין דעם אַלטן אייביקן ספר אונדזערן."

שרייבט מ. ראַוויטש וועגן „דאָרטן":

„דאָרטן" אַנטהאַלט פיר פּאָעמעס: אַ בוים אין פּוילן;

האַרטן; נישטאָ; טרעבלינקע. חוץ דעם 22 פּליטים־לידער און 18 — קלאָרען מיין יזכור. אַלע די לידער אין צוויי סטראָפן צו פיר שורות. די ערשטע דריי פּאָעמעס אַנט־האַלטן צו 50 לידער — צו 20 שורות יעדעס ליד — 1000. די פּאָעמע „טרעבלינקע" האַלט 36 לידער צו 12 שורות. (זינט איך האָב באַמערקט אַז דער קדוש און גרויסער דיכ־טער יצחק קאַצענעלסאָן האָט זיין „ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק" געשריבן אין אַן אויסגעהאַלטענער פאָרם און דערצו געניי 15 לידער צו 15 סטראָפן — איז עס ביי מיר הייליק געוואָרן פאָרם... און דעריבער שטעל איך מיך אַזויפיל אָפּ אויף דעם. יאָ, פאָרם אין לידער פון צער און אוודאי אין לידער פון קדושים איז הייליק).

„סעגאַלאָוויטשעס לידער זיינען דורכאויס געגראַמט און האָבן אַן אויסגעהאַלטענעם ריטם. קלאַסיש און אַלטמאָדיש. אָבער עס איז גוט אַזוי. זיינע גראַמען זיינען דאָ אין אַזאַ מאַסע און זיינען אַזוי איבעראַשנדיק אָפט, אַז מען קען ממש צונויפשטעלן אַ יידישן גראַמען־לעקסיקאָן פון זיין ווערק אליין. אָט מאָלט ער אַ יידיש יינגעלע אין פּוילן:

די שוואַרצע פּאהקעס אויסגעבויגן
ווי רינגלעך פון אַ בראַסלעטל, —
מיט גרויסע, טיפע עילוי־אויגן,
און מיט דעם קנייטש פון ערשטן פּשטל.

„אָפט קומט ער אָן צו אַסאָנאַנסן, אָבער דאָס זיינען אַלעמאָל זייער סאָלידע אַסאָנאַנסן, כמעט גראַמען. אויך זיין ריטם איז זייער אויסגעהאַלטן. ממש יעדעס ליד זיינס איז מוכן ומזומן אויפצוגעמען מוזיק. אָבער ממש יעדעס ליד — נישט אינהאַלטלעך, נאַטירלעך, נאָר לויט דער פאָרם. אָט זיינען די ערשטע צוויי טויזנט־שורהדיקע פּאָע־מעס געשריבן דורכאויס אין אַמפיבראַכן, צו דריי־טראַפיקע פערזן־פיס אין אַ שורה. טויזנט שורות אין אַ פּאָעמע — און נישט־איבערצייילנדיק קענט איר זאָגן, און פּינקטלעך,

אַז 9,000 טראָפּן אַנטהאַלטן די פּופּציק לידער. וואָס שייך ריטם איז סעגאַלאָוויטש נישט ווייניקער אויסגעהאַלטן ווי איציק פעפער. זיי זיינען בכלל זייער ענלעך מיט זייער קלאָרקייט און אופן פון שרייבן.

„סעגאַלאָוויטש איז מיר אַזוי טייער, ווייל ר׳איז אַן עכטער דיכטער. דיכטונג איז זיין גאָט־געבענטשטע פּראָפעסיע. וואָלט ער געלעבט אין זיבעצנטן יאָרהונדערט וואָלט ער אַ יידישער שפּילמאַן געווען, וואָלט אַרומגעגאַנגען איבער יידישע ישובים און וואָלט געזונגען פאַרן פאָלק זיינע דיכטונגען. ער איז אויך היינט אַ יידישער שפּילמאַן פון שענסטן מין און עס איז קיין צופאַל ניט, וואָס זיינע לידער זיינען דערשינען אין אייראָפּע, דרום־ און צפון־אַמעריקע. אַמאָל איז אַ שפּילמאַן געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט, היינט גייט ער פון קאָנטינענט צו קאָנטינענט. אייביק טראָגט ער דעם פאָלק אַנטקעגן פולע הענט מיט לידער, און זינט ער שרייבט טראָגט אים דאָס פאָלק אַנטקעגן פולע הענט מיט דאַנק.

„סעגאַלאָוויטש פּרעטענדירט ניט אויף קיין ברייטע האָריזאָנטן, בכלל ניט אויף קיין האָריזאָנטן. ער באַוועגט זיך גאָר אין אַ קרייז, דער קרייז פון זייבע דלד אמות, די קוואַדראַטור פון זיין וועלט־האָריזאָנט אַזוי צו זאָגן.

„אָבער אין ענלעכע קרייזן דרייען זיך מיליאָנען און דעריבער טרעפט ער אין הערצער פון מיליאָנען — אויב מיר וואָלטן מיליאָנען יידיש־לעזער געהאַט ביים היינטיקן טאָג. אָבער וויפל נאָר מיר האָבן, צו אַזויפיל טרעפט סעגאַלאָוויטשעס ליד.

„ער האָט זיי ליב געהאַט, די יידישע מאַסן — און עס איז אים באַשערט געווען, מיט זיין ליד, צו באַגלייטן די מאַסן אין דער גרעסטער און טראַגישסטער מאַסן־לוויה פון דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

„סעגאַלאָוויטשעס בוך „דאָרטן״ איז ניט דאָס בוך פון

אונדזער בראָך. דאָס מענטשלעך־ און יידיש־שענסטע אין אַט־דעם דיכטער איז, וואָס ער פּרעטענדירט גאָרניט צו שרייבן דאָס בוך. דערפאַר האָט אים גאָט באַפּולמעכטיקט צו שרייבן אַ בוך פון אונדזער בראָך, אַ בוך, וואָס אַ סך, אַ סך פון זיינע לידער וועלן אַרויסלייכטן אייביק מיט טונ־קעלן טרויער־ליכט אין אונדזער טרויער־ליטעראַטור פון אַט־דעם יאָרהונדערט.

„עס פּלאָגט מיך, איך האָב זיי צו ווייניק באַשריבן,
פאַרוואָס בין איך דאָרט אין דעם פּלאָג ניט פאַרבליבן ?...
מיין פערד איז אין קינדערשער בלוט איינגעפאָרבן,
מיין פערד איז צו שוואַך און צו קליין פאַר אַ קרבן.״

איך פיל ווי אַ חוב אי לגבי ז. סעגאַלאָוויטשן, אי לגבי די לייענערס און אַוודאי לגבי די מאַרטירער און קרבנות פון פּוילישן יידנטום — צו ברענגען כאָטש עטלעכע מוס־טערן פון דעם מקוננס עלעגיעס. דאָס איז אויך אַ חוב לגבי דעם דיכטער און זיינע לידער. די עטלעכע ביכער וואָס ער האָט געווידמעט דעם אונטערגעגאַנגענעם פּוילישן יידנ־טום — זיינען דאָך אַ ים מיט בלוט־שטראָמען, יעדע שורה און יעדער וואָרט איז אַ ווייטיק און קלאָג, אַ געשריי און אַ קללה צו דער גאַנצער וועלט און מענטשהייט, צום דייטשן פאָלק, און צו גאָט אַליין.

## מוסטערן פון דעם מקוננס איכהס

### „דאָס יידישע קינד״

אָ, קינדער, קינדערשע געפילן!
מיט די פאַנטאַזיעס אין די קעפּלעך.
מיט שטיפעריין און מיט שפּילן
אין ניסעלעך און אין די קנעפּלעך.
פון רייכע היימען און פון קעלער —

ווען איז אַ קינד געווען אָן טרוימען?
אין יאָגן זיך, אין לויפן שנעלער,
אין שפּרינגען איבער קליינע צוימען.
דאָס ערשטע שרייבן און דאָס לעזן,
די ערשטע אָנשטרענגונג פון שכל...
ווי עלנד וואָלט די וועלט געווען
אָן קינד און אָן אַ קינדס שמייכל... — — —

***

פון גרויסע שטעט און קליינע שטעטלעך
געכאַפּט, געשלאָגן און געשמיסן,
פון קורצע קינדערישע בעטלעך
פון מאַמעס הענט אַרויסגעריסן...
געשלעפּט אויף פורן און צופוסן
צו צוויי, צו דריי צונויפגעבונדן.
איך קאָן ניט מער... די שוואַרצע גרויסן,
זיי זיינען שפּיזן אין די וואונדן.
איך קאָן אויף לעבן מער ניט קוקן
און וואו איך זאָל זיך היינט ניט קערן
און וואו איך זאָל זיך ניט פאַררוקן —
איך מוז זיי זען, איך מוז זיי הערן...

אָ, קינדער! קינדערשע געוויינען.
די הימלען האָט איר ניט געשפּאָלטן.
די מענטשן אָבער די געמיינע,
זיי זיינען שוין סיי ווי פאַרשאָלטן.
אָ, קינדער! קינדערשע געשטאַלטן...
וואָס זאָל אין צער נאָך העכער שטייגן?
איך קאָן זיך ניט פון זיך באַהאַלטן —
ניט אין מיין ליד און ניט אין שווייגן...

***

ווען איך וואָלט קאָנען אַלץ פאַרברענען

צחאָמען מיט מיין גליאיק קלעמען...
פאַר איינס אַ קינד ווען איך וואָלט קאָנען,
פאַר איינס אַ קינד כאַטש ראַכע נעמען...

די קליינע שאָטנדלעך די דאַרע,
וואָס ציטערן דעם לעצטן ציטער...
איך זע זיי דורך דער קלענסטער שפּאַרע,
און וואו איז שטורעם און געוויטער?

**
*

אין נאַכט אַריין... אַ שוואַרצער בנין,
מיט פיל געהיימע קאָרידאָרן,
ווי עפּעס וואָלט זיך דאָרטן שפּינען
אין דעם גערויש פון די מאָטאָרן.
ווי עפּעס וואָלט זיך דאָרטן שטיקן —
דערנאָך ווערט שטיל... בלויז ווענט מיט שטיינער,
בלויז שטום־פאַרגלאָצטע טויטע בליקן,
בלויז בערגלעך שיכלעך, קליינע, קליינע...

פאַרגליווערט ווי דער פראָסט אין טייגע
איז מיר מיין האַרץ פון מיין עלעגיע...
איך וויל איר זאָלט אַ רגע שווייגן
און אפשר מערער ווי אַ רגע.
איך וויל איר זאָלט אין נעכט אָן שלאָפן
ניט האָבן איבער זיך קיין שליטה...
די אויגן זאָלט איר האַלטן אָפן
און זען די קינדער אין דער שחיטה...

**
*

וואו זיינען אונדז פריינט ניט געשטאָרבן?
אין טורמעס, אין לאַגערן וויסטע...
פאַרוואָס און פאַר וועמען דער קרבן?
מיין דור, מיין געפּלאָגטער... וואו ביסטו?
דער ווינט האָט אין קאַלטע מעת־לעתן

באַווײנט זײ, די פּליטים בײַם לעבן,
דער ווינט ווײסט די לעצטע אַדרעסן,
און האָט זײ ניט וועמען צו געבן...
צי קען מען זײ אַלע דערמאָנען?
עס פעלן פיל מענער, פיל ווײַבער,
עס פעלן רבנים, דײַנים,
פיל מוזיקער, מאָלער און שרײַבער.
עס פעלט אונדז דער קול פון דער מחנה,
די כּנסת, די קרובֿים, די שכנים.
נישטאָ מער קײן ציל און קײן תּכלית
ווען פאָלק איז מיט אונדז ניט אינאײנעם...
דער דיכטער אָן ליד און דערשײַנען —
ער איז ווי בײַם לעבן באַגראָבן...
ער האָט ניט קײן וואָרט פאַר די פּײַנען
און וועט אים שוין קײן מאָל ניט האָבן.

איך בין אַ פאַרשאָלטענער דיכטער,
ווײַל קללות באַגלײטן די לידער,
די קללות פון אונדזער געשיכטע,
אַ דור און אַ חורבן שוין ווידער.
מיר ווײסן אַך גאָרניט אין אימה
וואָס מיר האָבן איצטער פאַרלאָרן...
אין שוואַרצע פאַרלאָשענע תּהומען
אַרײַן זײַנען דורות און יאָרן.

## נישטאָ

אין געטאָ פּלאַצן האַנט־גראַנאַטן
און באַריקאַדן שטײען ברײטע,
מען פאַלט פון דײַטשע האַרמאַטן
נאָר אויך דײַטשן פאַלן טויטע.
דאָס איז אַ הײליקע הריגה:
דערהרגענען אַ דײַטש, אַ שרץ,

אַ קינדער־פרעסער ווי אַ טיגער
דערהרגענען און אָן אַ תירוץ.
וואָס פריער הייליקן און בענטשן —
דעם העלדנטום צי די יסורים?
די גאַס, די פלאַכע גאַס, די גענשע
איז אויסגעוואַקסן, ווי אַ טורעם.
אויף אַלע פיר וואָלט איך געקראָכן
אַ הויכקייט ווי אַזאַ דערגרייכן...

אין געטאָ האָט געקעמפט אינאיינעם
דער אַפּיקורס מיטן פרומען,
די פלאַמען האָבן אויך אינאיינעם
די יידישקייט אַרומגענומען.
די שולן און די חסידישע שטובן,
די רויטע פאָנען מיט דעם טלית,
דעם אַרבעטערס חברים־קלובן,
די רייכקייט מיט דעם גאַנצן דלות,
איך פרוואוו דערגיין צו יענע רייען,
דערגיין, דערזען דעם שרעק פון גיהנום.

## טרעבלינקע

איך בין צו קליין דעם חורבן צו דערמאָנען,
איך בין אויף שטויב צעברעקלט פון דעם גרויל...
דו ווייסט וואָס הייסט? געשאָכטענע מיליאָנען,
מען קאָן עס דען אַרויסריידן פון מויל? —
מיין אייגן פאָלק באַדאַרף איך דאָך ניט לויבן...

מיין פאָלק האָט מיר געגעבן שפּראַך און ליד,
מיין פאָלק איז מיין נשמה און מיין גלויבן,
מיין וועג איז אויסגעטראָטן פון דעם ייד.
איצט האָבן זיי דעם אַלטן וועג פאַרשאָטן,
מיט ביינער פון מיין דור דעם וועג פאַרדעקט,

מיט אונדזער בלוט די ערד גערדיכט פֿאַרקנאָטן,
און מענטש... דריי מאָל פֿאַרשאָלטן און פֿאַרמעקט!

## ערב מיידאַנעק

(„איצטער")

און זאָל זיין אַ נדר... איך זאָג אייך דאָס צו,
אין ערגעץ, אין ערגעץ ניט וויסן קיין רו.
און זאָל מיין געמיט מיר זיין שווער, ווי דער גלות —
ביז איר וועט ניט פֿריי זיין — איז קיינער ניט פֿריי.

מיט בלוט און יסורים פֿאַרבונדן מיט אייך —
אַ צווייג אָפּגעבראָכן... וואָס בין איך אָן אייך?
מיט אייערע צרות געלייטערט, געשמידט
מיט אייערע צרות מיין גורל, מיין ליד.

עס איז אַ פּערזענלעכער חוב און אַ נאַציאָנאַלע פֿליכט, עס איז אַ הייליקע אָנערקענונג פֿון דעם דיכטער צו ברענגען מוסטערן פֿון די לידער וואָס דער דיכטער האָט געווידמעט — דעם אָנדענק פֿון קלאַרען. קלאַרע איז געווען ניט נאָר סעגאַלאָוויטשעס פֿריינד, נאָר פֿון אונדז אַלעמען, די וואָס האָבן געלעבט אין דעמאָלסטדיקן קרייז פֿון יידישער ליטעראַטור און טעאַטער, פֿון קינסטלערישן וואָרט און קלאַנג. זי האָט געשיינט און געלויכטן אויף די ברעטער פֿון יידישן טעאַטער, זי איז געווען באַליבט און אמת פֿאַרגעטערט ביי אונדזער יוגנט און שולקינדער. קלאַרע איז געווען פֿול מיט פֿרישקייט, מיט חן און עסטעטיק, מיט פֿאָלקס־חכמה און אינטעליגענץ.

צוזאַמען מיטן דיכטער תפֿילהן מיר די שורות פֿון זיין יזכור נאָך קלאַרען, „נאָך איר ביסעלע אַש און דעם אַש פֿון מיליאָנען".

## קלאַרען מיין יזכור

מען זאָל מיר מוחל זיין דערפאַר,
וואָס איך באַקלאָג זיך אויפן קול...
זי איז אַ צוגאָב צו מיין צער,
מיין ניט־פאַרגעסענער אַמאָל.

זי איז געוועזענער געזאַנג
וואָס ציטערט אויף פון שעה צו שעה.
אַ ווידערקול, אַן אונטערגאַנג,
אַ שרעקלעך־שרעקלעכער נישטאָ...

## א י צ ט ע ר

איך שטרעק אויס די הענט צו דעם ענדלאָזן שטח,
איך צינד אָן מיין האַרץ פאַר פאַרגאַנגענע יאָרן.
דיין ליכטיקער פנים ווי דייטלעך ער זעט זיך,
דיין קול אַ גלעקל וואָס וועקט דעם זכרון.

איך האָב דיך געפונען כדי צו פאַרלירן,
איך האָב דיך פאַרלאָרן כדי צו דערמאָנען...
דאָך איצטער, אַך, איצטער... ווי קאָן איך באַרירן
דיין ביסעלע אַש און דעם אַש פון מיליאָנען.

## „דער לעצטער לאָדזשער ראָמאַן"

**א**ין דער אַרגענטינער ביכער־סעריע „דאָס פּויּלישע יידנטום", וואָס איז רעדאַקטירט דורך מאַרק טורקאָוו, איז אין 1951 דערשינען ז. סעגאַלאָוויטשעס בוך „דער לעצטער לאָדזשער ראָמאַן" (398 ז.).

אין אַ בריוו צו מ. טורקאָוו פון 3טן נאָוועמבער 1946 פון תל־אביב, שרייבט סעגאַלאָוויטש:

„איך פאַרטראַכט אַ גרויסע אַרבעט וועגן אַ לאָדזשער ראָמאַן. דער דאָזיקער ראָמאַן איז געדרוקט אין „היינט" דעם גאַנצן זומער 1939. די מלחמה האָט עס איבערגעריסן און די מלחמה האָט אויך פאַרברענט דעם סוף פון מיין מאַנוסקריפּט צוזאַמען מיט די העלדן... איצט וועל איך פון דעם עפּעס מאַכן. פריער איז עס געווען אַ „יש" און איצט איז דאָס **„אַמאָל איז דאָס געווען"**... פון דאָס פּוילישע יידנטום".

די הקדמה פון דער רעדאַקציע דערציילט אונדז אויך אַז דער ראָמאַן האָט זיך געדרוקט אין המשכים אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס" אין יאָר 1947, אונטערן געענדערטן נאָמען „פאַרן שטורעם". מיר פאַרעפנטלעכן דאָס דאָזיקע ווערק אונטערן אָריגינעלן נאָמען אַזוי ווי דער דיכטער האָט עס אונדז בשעתו צוגעשיקט".

שמאי גרינבערג האָט מיר אויך צוגעשיקט אַ פולן קאָמפּלעט אויסשניטן וואָס ער האָט געדרוקט אין דער מאָנטעווידעאָער צייטונג „היינט", אין המשכים, אונטערן נאָמען „דער לעצטער ראָמאַן פון ז. סעגאַלאָוויטש", פון אָקטאָבער 1975 ביז פעברואַר 1976.

דער נאָמען פון בוך „דער לעצטער לאָדזשער ראָמאַן" פון ז. סעגאַלאָוויטש אינטריגירט. איז עס אַן אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן? ווער איז דער „לאָדזשער" וואָס האָט זוכה געווען צו זיין דער לעצטער העלד פון סעגאַלאָוויטשעס גאַלעריי קונסטווערק, אַ ירושה פון 35 יאָר שאַפונג?

איז דער ראָמאַן אַ נייע קינסטלערישע דערגרייכונג פונעם שרייבער? עס איז געשריבן פאַר דער מלחמה און פאַרענדיקט נאָך דער מלחמה. שפּיגלט זיך דאָ אָפּ דער חורבן פון פּוילישן יידנטום? ווער רעפּרעזענטירט דאָ דעם כלל יידן אין פאַר-מלחמהדיקן פּוילן? ווי אַזוי מאָלט סעגאַלאָוויטש דאָס לעבן פון אַלערליי טיילן פון יענעם קיבוץ? זעען מיר דאָ די יידישע אינטעליגענץ? דעם אַרבעטער און בעל-מלאכה? די אַריסטאָקראַטיע און די חסידים? האָט ז. סעגאַלאָוויטש די כוונה צו פאַראייביקן אין אַ מאָנומענטאַלן ווערק אָט דאָס מעכטיקע און פילפאַרביקע יידנטום פון פּוילן? ניין!

אויך אין דעם ראָמאַן האָבן מיר אַ דריי-עק. צוויי מענער, נאָענטע פריינד, אין די פערציקער, און אַ יונגע לערערין פון מאַטעמאַטיק וואָס אַרבעט אין אַ גימנאַזיע. ניטאָ דאָ קיין פערזענלעכע טראַגעדיע, קיין שום ליבע-אַנטוישונג און קאָנפליקט. עס איז אַן אמתע אידיליע צווישן די דריי, זיי ווערן אַלץ נעענטער און אינטימער אין זייערע באַציאונגען, דאָס מיידל און דער פאַבריקאַנט פעליקס זיידנער ווערן חתן-כלה, מע גרייט זיך שוין צו דער חתונה. דער צווייטער העלד אין דעם דרייאינג, אַלקער, העלפט צו פאַרווירקלעכן זייערע ליבע-פּלענער, ביז... עס קומען די לעצטע צוויי-דריי קאַפּיטלען אין בוך, דונער און בליץ... מיט אַ מאָל די מלחמה, דער אָנפאַל פון דער דייטשער אַרמיי אויף פּוילן. די ידיעה פאַרכאַפּט אונדזערע דריי העלדן אין אַ פישער-דאָרף ביים באַלטישן ים. עס געדויערט ניט צו לאַנג און די גאַנצע באַפעלקערונג, בפרט די יידישע, לויפט שוין צופוס פון דאָרט קיין לאָדזש, פון דאָרט קיין וואַרשע... חורבן... אַלץ איז רואינירט...

לאָמיר אַ קוק טאָן אויף זיידנערס פאַרגאַנגענהייט.

פעליקס זיידנער איז אַ זון פון אַ גרויסן לאָדזשער פאַבריקאַנט; ווען דער פאָטער שטאַרבט, נעמט דער זון איבער און ער פירט דאָס גרויסע געשעפט מיט אַ ברייטן פאַרנעם. ער ווערט רייכער מיט יעדן יאָר, שטייט אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע אַזעלכע פאַבריקאַנטן, ער פאַרמאָגט אַ סך איניציאַטיוו און איינפאַלן, שטאַרקן כאַראַקטער און געוואַגטקייט. ער האָט חתונה און עס קומט אין גיכן אַ קינד. די קליינע משפחה לעבט לויטן שטייגער פון אַלע אַנדערע רייכע משפחות. אָבער קיין פאַמיליע-לעבן האָט ניט זיידנער — און נאָר איבער זיין שולד. זיין פריינד אַלקער לערנט אים, זאָגט אים מוסר, וואָרנט אים — ער איז בראשו ורובו אַריינגעטאָן אין די געשעפטן, ער ליגט טאָג און נאַכט אין זיין גרויסער פאַבריק וואָס באַשעפטיקט אַ סך אַרבעטער. ער איז פרעמדלעך צו ווייב און קינד. אויף אַלע טענות פון דער יונגער שיינער פרוי האָט ער איין ענטפער — „טייערע, איך בין אַ פאַבריקאַנט”. דאָס איז זיין גאַנץ לעבן, זיין אידעאַל, זיין אַמביציע, ער איז גליקלעך — אַלע פאַבריקאַנטן האַלטן אים פאַר אַ גאון, אַ מזיק, ער האָט זיי אַלע איבערגעשטיגן.

עס קומט די ענדע — דאָס ווייבל גייט אַוועק פון זיידנערן, זי האָט חתונה מיט אַ בריליאַנטן-סוחר אין אַמסטערדאַם. זיידנערס לעבן ווערט מיט אַ מאָל אין גאַנצן מאָנאָטאָן, פוסט, נישטיק, די רייכע רעסטאָראַנען מיט די „פאַבריצירטע” קינסטלערישע שטימונגען, מיטן קאָרטןשפּילן — ציען אים ניט צו, גיבן אים ניט קיין שום באַפרידיקונג.

אין די ווייטערדיקע צען יאָר לעבט זיידנער איבער אַ קריזים: ער באַשליסט פטור ווערן פון זיינע גרויסע געשעפטן, ער פאַלט אַריין אין אַ רעזיגנאַציע. ער וויל פאַרטרויען זיין חבר אַלקערן — זיין פּלאַן, וואָס איז געבויט אויף אַ טריק, אויף אַ קליגערישן שפּיצל און באַשטייט אין דעם אַז ער וועט ליקווידירן, פאַרהאַנדלען אַלע זיינע גע־

שעפטן, ווערן אַ פרייער מענטש, אָנהייבן לעבן אויף אַן אמת. ער בעט אַלקערן ער זאָל פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג אַז זיידנער האַלט ביים באַנקראָטירן. ער וועט זיין גליקלעך אַז אַלע וועלן אים באַטראַכטן ווי דעם געוועזענעם גביר און היינטיקן קבצן. ער וועט אויספאָרוון „די וועלט", צי די מענטשן קענען זיין אויפריכטיק, מענטשלעך און פריינדלעך.

סעגאַלאָוויטש צעציט דעם איינפאַלערישן טריק אויף צענדליקער זייטלעך פון בוך, ביז עס ווערט נמאס צו הערן און ביז גאָט שיקט צו (צופעליק...) אַ מיידל, די מאַטעמאַטיק-לערערין, פאַננאַ ליזאַ אילינאָוויטש. זיי דער־נעענטערן זיך, הייבן אָן ליבן און אַכטן איינער דעם צווייטן, — עס עפנט זיך פאַר זיידנערן אַ ניי לעבן, נייע אינטערעסן, נייע געפילן און איבערלעבונגען. אַ גרויסע ראָל אין דעם איבערקערעניש האָט דער קלוגער טאַקטישער אַלקער, וואָס איז פון קינדווייז אויף געווען אַ נאָענטער חבר פון זייד־נערן און ער איז אויך געבליבן אים געטריי ביז היינט. זיין לאָזונג איז: לעבן איז דער עיקר... דאָס לעבן איז בילכער פון אַלץ. אַלקער באַטראַכט דעם גאַנצן פּלאַן זייד־נערס פאַר אַ נאַרישקייט, אָבער ער שלאָגט אים ניט אָפּ, ער שפּאַסט איבער אים פאַרזיכטיק, פריינדלעך, און ער שטויסט אים אויך צו דערנענטערן זיך צו דער פריילין אי־ליטאָוויטש. ער רעדט זיי צו פאָרן צום ים, קיין קוזמיר אויף לאַנגע זומער־וואָכן, און ער אַליין זאָגט אויך צו קומען אַהין. ער איז אַ פּלאַטאָנישער שותף אינעם דרייעק.

די גרויסע פאַבריק פון זיידנערן אימפּאָנירט אַלקערן ניט, ער שאַצט זי אָפּ ווי „די סימפּאָניע פון איינטאָניקייט". אַליין אַן אינזשיניער, האָט ער דאָך אַ סך געזעלשאַפטלעכע און קינסטלערישע אינטערעסן, ער איז אויסגעמישט מיט אַלעמען, איז קריטיש צו די געפּוצטע דאַמען.

ז. סעגאַלאָוויטש לאָזט זיך ניט אַריין און פאַרטיפט זיך ניט אין דער פּסיכאָלאָגיע פון זיידנערן, און וואָס מער מאַנאָלאָגן ער לייגט אַריין אין מויל פונעם פאַרלוירענעם

פאבריקאנט, וואס מער פילאזאפישע „געדאנקען" יענער נעמט איבער פון אלקערן, וואס מער ער פארשווערט אים צו האלטן שטרענג זיין סוד, אפילו פון דער פריילין איליטאוויטש, וואס מער ער איז זיך „מתוודה" פארן חבר זייַנעם וועגן זיין פארגאנגענהייט, האנדלונגען, וועגן זיין שוויַיגעניש און איזאלירטקייט אין די פאר צענדליק יאר, ווערט ער אין די אויגן פון דעם לייענער אלץ קלענער, נישטיקער, קאמישער. דער גאנצער סיפור המעשה איז רעפארטאזש־מאסיק. סעגאלאוויטשעס באציאונג צו זיין העלד איז א גוטמוטיקע, פריינדלעכע, אבער די גרויסע מאס רייד מאכט דעם ענין קליינלעכער, אומבאהאלפענער. ווען ניט דער פלוצלונג אנגעקומענער קריג, וואס מאכט אין די לעצטע צוויי־דריי קאפיטלעך א סוף צום גליקלעכן ראמאן מיטן אנגענומענעם באשלוס צו קומען אהיים, גיין צום רב און שטעלן א חופה, ווער ווייסט וואס עס וואלט געווארן פון זיידנערס „חכמהיקער" אוואנטורע...

אינעם גאנצן ראמאן באנוצט ז. סעגאלאוויטש א שפראך וואס איז צייטונגסמעסיק אין וואקאבולאר און אין סטיל. זעלטן טרעפט זיך דא א שיין בילד, א קינסטלערישע סצענע, זעלטן גיט א גלאנץ ארויס דער טאלאנט, די אבסערוואציע־פעאיקייט, די פארשטענדיקונג פארן יחיד. אנשטאט דעם יחיד גיט זיך אפ דער שרייבער מיטן כלל: ער באשרייבט די פאבריק, די קאפע־רעסטאראנען וואו די פאבריקאנטן פארברענגען. ער באשרייבט און לויבט די שטאט לאדזש און די פיעטראקאווער גאס, דעם גאנצן רויך פון די פאבריק־קוימענס, זעלטן — די ארומיקע נאטור און דעם ים מיט זיינע מעכטיקע כוואליעס.

ניט העכער קינסטלעריש שטייט די באהאנדלונג פונעם דריילינג־פריינד אדער פון אנדערע אינדיווידואומס (בערעק, למשל). אין גאנצן ראמאן קומט סענטימענטאלקייט — אנשטאט הומאר...

ניט זיידנער, ניט אלקער קענען ניט רעפרעזענטירן

דאָס יידישע לעבן פון לאָדזש און באַלוט. עס טוט ווי: דאָס זאָל זיין דער לעצטער ראָמאַן פון סעגאַלאָוויטש, דאָס לעצטע בילד זיינס פון דער קוועקזילבערדיקער שטאָט לאָדזש, פון איר פיל־קאָלירקער יידישער באַפעלקערונג?

אין די לעצטע קאַפּיטלעך זעען מיר נאָר אַן אַלגעמיינע אָפּשפּיגלונג פון דער גרויסער מהומה, וואָס קומט אויף די יידן פון לאָדזש, עס פעלט אין גאַנצן דער פחד פונעם חורבן וואָס נעמט אַרום דאָס גאַנצע פוילישע יידנטום.

דער ראָמאַן איז געשריבן אין 1939 און איז פאַרענ־דיקט אין די 1940־ער יאָרן. איז נאָך מער ווייטיקלעך וואָס עס פעלט כאָטש אַן אָנוואונק פונעם חורבן און אומקום, וואָס דערנענטערט זיך ראַשיק.

אין די לעצטע קאַפּיטלעך פאַרפעלט דער שרייבער אויך צו דערציילן וועגן דעם ווייטערדיקן גורל פון די דריי פריינד, וואָס זייער שיקזאַל וואָלט געדאַרפט סימבאָליזירן דעם פּיין און יסורים־וועג פון די זעקס מיליאָן אומגעקו־מענע. עס האַרמאָנירט אין גאַנצן ניט מיט דעם וואָס דער זעלבער ז. סעגאַלאָוויטש האָט געגעבן דער יידישער ליטע־ראַטור ווי דער מקונן פון אונדזער שרעקלעכסטער קאַטאַ־סטראָפע.

***

מיר שטייען פאַר אַ גרויסער רעטעניש פון קונסט־שעפערישע יכולת־גרענעצן פונעם ראָמאַניסט. וואָס האָט סע־גאַלאָוויטש פּלאַנירט ווי די פאַרענדיקונג פונעם לעצטן ראָ־מאַן? די פּסיכאָלאָגיע פון זיידנערן און זיין צוגעטראַכטן „טריק" — דאָס שטעלן צום נסיון די גאַנצע סביבה, איר אויפריכטיקייט און אָנשטענדיקייט, דאָס פּאַסט ניט צונויף מיט ז. סעגאַלאָוויטשעס פּערזענלעכע שטרעבונגען, זיין אומצופרידנקייט צו דער סביבה פון טלאָמאַצקע 13 מיט איר קינאת־ און שינאת־חינם.

און נאָך עפּעס: ווען האָט ער איבערגעריסן דעם גאַנג פון די קאַפּיטלעך פונעם ראָמאַן און ווען האָט ער זיי באַ־נייט? האָט ער דערפילט די נישטיקייט פון אַט דער אי־בערגעריסענער טעמאַטיק לגבי דער מקונן־ראָל וואָס איז אים געוואָרן באַשערט און אַנפּאַרטרויט דורך דעם יידישן גורל? מעגלעך, ער איז געווען אין שטאַנד ממשיך צו זיין די טעמע פונעם ראָמאַן אין ליכט פון די גרויזאַמע געשעענישן וואָס האָבן זיך אַנגערוקט אויף אים אַזוי ווי אויפן גאַנצן פאָלק?

ווייזט אויס:

מיטן פּראָצעס פון שרייבן זיינע צענדליקער איכה־פּאָ־עמעס — האָט זיך אויסגעשעפּט, איז אויסגעטריקנט געוואָרן דער קוואַל פון קרעאַטיווע שאַפונגען פון ז. סעגאַלאָוויטש.

אַ טראַגישער סיבמאָלישער סוף פון דיכטערס לעבן און שאַפן...

פאַרלאָרן געגאַנגען די אינטימע ליבשאַפט און פאַר־בונדנקייט צווישן דיכטער און פאָלק.

פאָלק האָט פאַרלאָרן זיין דיכטער.

דיכטער האָט פאַרלאָרן זיין פאָלק.

***

עס איז דער לעצטער ראָמאַן פון ז. סעגאַלאָוויטש.

די קאַטאַסטראָפע פון פוילישן יידנטום האָט אים טיף געטראָפן.

אָפּגעטאָן האָט זיך פון אים דער רוח הקודש פון זיין פאָלק, וואָס דאָס איז געווען דער צענטער און דער קוואַל פון זיינע 35 יאָר קינסטלערישער שאַפונג.

אַרונטערגעהאַקט די פליגלען פון זיין ראָמאַנטיק, פון זיינע טרוימען...

# אַריינפיר צו דער קליינער אַנטאָלאָגיע

ז. סעגאַלאָוויטש איז געווען און געבליבן אַ קאָנטראָ־ווערסאַלער שרייבער אין דער יידישער ליטעראַטור. דער עיקר אין דער אָפּשאַצונג פון זיין פּראָזע, זיינע צענדלי־קער נאָוועלן און ראָמאַנען. מען האָט געהערט פון די קרי־טיקערס מיינונגען אָפט בייזע, איבערגעטריבענע חסרונות־זוכ־דיקע; אָבער מען האָט אויך געהערט גוטע ווערטער, פריינדלעכע, חברישע.

דאָ האָבן מיר אַ קליינע אַנטאָלאָגיע — אויסצוגן פון אָפּהאַנדלונגען פון אויטאָריטעטע יידישע קריטיקערס און עסייאיסטן — וועגן דעם פּאָעט און נאָוועליסט, ז. סעגאַ־לאָוויטש.

די „קליינע אַנטאָלאָגיע" שפּיגלט אָפּ די חלוקי־דעות צווישן אונדזערע ליטעראַטור־קריטיקערס.

צוליבן כאַראַקטער פון דער „קליינער אַנטאָלאָגיע" איז אומפאַרמיידלעך אַז אייניקע געדאַנקען און אָפּשאַצונגען חזרן זיך איבער. דאָך דריקט יעדער קריטיקער אויס דעם זעלביקן געדאַנק אויף זיין אייגענעם אופן, אין זיין אייגע־נעם סטיל.

דאָס וואָס איך פּערזענלעך האָב געהאַט צו זאָגן וועגן ז. סעגאַלאָוויטשן, וועט דער לייענער געפינען אין די קאַ־פּיטלעך 4, 5, 6, 7.

אין דער אַנטאָלאָגיע זיינען פּאָרטרעטן מיט געקליבענע און געקירצטע אויסצוגן פון די שרייבערס (לויטן א"ב) י. גלאַטשטיין, ש. טענענבוים, י. י. טרונק, נחמן מייזיל, ח. ל.

פוקס, ל. פינקעלשטיין, מ. קנאפהיים, באשעווים, מלך ראַ־
וויטש, י. ראַפּאַפּאָרט, ה. לייוויק, י. פּאַט, גרשון פּאָמעראַנץ.

די דאָזיקע קיצורי־מאמרים זיינען ניט אויסן צו פּאָ־
לעמיזירן מיט דעם אָדער יענעם שרייבער, אָדער צו פאַר־
ענטפערן אַפּאָלאָגעטיש סעגאַלאָוויטשן. מיין איינציקע כוונה
איז צו שיצן דעם יחוס און חשיבות פון דער יידישער ליטע־
ראַטור, איר גייסטיקן פּאַרנעם און אָריגינעלע אייגנאַרטיקייט.

י. באַשעוויס

# „ר י נג ע ן"

## זאַמלבוך פאַר ליטעראַטור און קונסט

דאָס בוך הויבט זיך אָן מיט לידער פון ז. סעגאַלאָוויטש, וואָס טראָגן דעם געמיינזאַמען נאָמען „נייע שורות אכט". ז. סעגאַלאָוויטש איז געבליבן דער זעלבער עגאָ-סענטימענטאַלער ליריקער וואָס ער איז געווען. „איך" איז נאָך אַלץ דאָס וואָרט, וואָס ז. סעגאַלאָוויטש באַנוצט אַממייסטן. די לידער וואָס זיינען געשריבן אונטערן איינדרוק פון די לעצטע געשעענישן אין פוילן, געהערן צו סעגאַלאָוויטשעס מער געראָטענע שאַפונגען. עס איז פאַראַן אין זיי אַן אויפריכטיקייט און אַ שטילקייט, וואָס מאַכט אַן איינדרוק.

וועו אַ דונער דערלאַנגט אין אַ בוים און זיין האַרץ ווערט פאַרברענט,
שטאַרן נאָך לאַנג זיינע צווייגן, ווי צעבראָכענע הענט.
שרעקן נאָך לאַנג זיינע צווייגן מיט אומקום און טויט.

איך פיל זיך ווי אַ מילב... ווי קליין איך בין, ווי קליין...
איך וויל אינגאַנצן שוין נישט זיין, איך וויל פאַרגיין...
און אין דער זעלבער צייט איז טייער וואָרט און ליד...

די טומלדיקע געשעענישן האָבן סעגאַלאָוויטשן, דעם פּאָעט, נישט צעטומלט. ער איז געבליבן טריי זיך אַליין און זיין יוגנטלעכן, לבנה-בלאַסן, אַלט-מאָדישן סטיל.

(„צוקונפט", יולי, 1940)

שיע טענענבוים

## ז. סעגאַלאָוויטש און זיינע העלדן

דאָס יידישע דינסטמיידל, דאָס אַרבעטער־מיידל וואָס גייט אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, דאָס שטילע, דאָס ליכטיקע מיידל, געבוירן אין קליינעם שטעטל, וואָס האָט געבענקט קיין וואַרשע — זי האָט די פּוילישע פּאָעטן ניט געלייענט און ניט פאַרגעטראָגן זייערע פערזן אַזוי גראַציעז און קאָקעטירנדיק. איר ראָמאַנטיזם איז געווען ז. סעגאַלאָוויטש. און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער צו איר געקומען — געקומען פון וויטן רוסלאַנד, פון פּרעסט, שנייען, רעוואָלוציע, הונגער, טיפוס, משוגעת און טויט.

געקומען איז ז. סעגאַלאָוויטש — אינגאַנצן אַן איינזאַמער. ער איז געווען מיד פון ליטעראַרישער רעוואָלוציע, ווייל ער איז געווען מיד פון דער רוסישער רעוואָלוציע און פון טומל בכלל. ער איז ניט געווען קיין מאָדערניסט, ווי מאַרקיש, ווי מאַרק שאַגאַל, וואָס האָט געאַרבעט איבער זיין מאָלעריי אין פּאַריז און געהאַט אומדירעקט אַ שייכות צום דאַזיקן פּעריאָד. ווי אַן איינזאַמער צויבערער, האָט ז. סעגאַלאָוויטש גענומען צויבערן דעם זייד פון זיין מיניאַטור, דעם פּליוש פון זיינע „מאָך־בלומען", די פּוילישע לאַנדשאַפט פון זיינע ראָמאַנען. ראָמאַנען, וועלכע קומען פאָר אין פּוילן, פאַר די אויגן פון די בחורים און די מיידלעך וואָס מאַכן די ראָמאַנען...

דאָס מיידל איז שבת נאָכמיטאָג געלעגן אין פּוילישן וואַלד — און זי לייענט געמיטלעך די בלעטער פון „די ווילדע צילקע", „דאָס אַנאַרכיסטישע מיידל", „אייביק איינזאַם",

„די גאָלדענע פּאַווע", „אונדזער פּרוי" און „קאָזשימיערזש". און זע — דער פּוילישער וואַלד רוישט מיט זיינע שטאַרקע ביימער אין סעגאַלאָוויטשעס ראָמאַנען. דיזעלביקע ביימער וואָס רוישן איצט איבער איר בלייכן, צאַרטן אַקסל; הער, עס זינגט די זעלביקע קוקאַווע אין פּוילישן, שבתדיקן וואַלד און אין ז. סעגאַלאָוויטשעס ראָמאַן. און בלומען דרייען זיך צאַרט ביי די לאַנגע האָר פון דעם ליבן מיידל. עס זיינען די בלומען פון סעגאַלאָוויטשעס ראָמאַנען. עס איז די טיפּיש פּוילישע לאַנדשאַפט פון זיינע נאָוועלן. ווייל ז. סעגאַלאָוויטש האָט ניט קיין מורא געהאַט אַפּטמאָל אויף צענדליקער זייטלעך אַפּצולאָזן, צו פאַרגעסן אין זיין העלד און זיך פאַרבלאָנדזשען אין פּוילישע וועלדער, אין קאָזשימיערזשער בערג־און־טאָלן־פּייזאַזש; ער האָט ליב געהאַט צו מאָלן די נאַטור צוליב דער נאַטור זעלבסט. ווייל פּוילנס נאַטור איז געווען זיין גרויסער ראָמאַן. ווייל ז. סעגאַלאָוויטש, ווי געזאָגט, האָט פּיל איבערגעלעבט, צופּיל געליטן פון הונגער, קראַנקייט, אַנטוישונג און מענטשלעכע אידעאַלן. און ליריש, עלעגיש, איינזאַמע נאַטורן גייען צו דער נאַטור ווי צו גאָט. די אומשולדיקייט פון דער לאַנדשאַפט גלעט זיי דאָס האַרץ. קילט זיי די נערוון.

און וואָס שייך זיין העלד, פון אַלע זיינע ראָמאַנען, מיניאַטורן און פּאָעמען, — האָט ער ניט קיין מורא געהאַט אים צו „פאַרגעסן" אויף עטלעכע זייטלעך פון זיין דערציילונג. דער העלד איז געווען ז. סעגאַלאָוויטש. צופּיל פּאָעט איז ז. סעגאַלאָוויטש געווען — כדי צו קענען געבן אַן „אָביעקטיוון" העלד. דער העלד פון אַלע ראָמאַנען — איז ז. סעגאַלאָוויטש אַליין. קריטיקער האָבן עס פאַרגעוואָרפן ווי אַ חסרון. ס'האָט זיי געאַרט וואָס דער נאָוועליסט דערציילט אַזוי פּיל — און שטענדיק — פון זיך אַליין. פון דעם „אייביק־איינזאַמען" אין זיין ראָמאַן „אייביק־איינזאַם".

אָבער אמתע מבינים ווייסן אַז דאָס איז דער אייביקער כישוף אין ליטעראַטור. עס איז דער העלד, דער מחבר, וואָס שפּילט פאַר אונדז אַלע אונדזערע דראַמען. ז. סעגאַלאָוויטש

האָט געשפּילט פאַר דער יידיש-פּוילישער יוגנט זייער לעבן. זייערע ליבעס. זייערע אייפערזוכטן. זייערע אידעאַלן און זייערע טרוימען. מיר האָבן ליב אין דער פּראָזע דעם איך-טאָן, דעם סוביעקטיוון אופן פון דערציילן.

ז. סעגאַלאָוויטש איז געקומען פון דער בונדישער אַר-בעטער-באַוועגונג. אין יאָר 1905 איז ער געווען טעטיק אין דער אומלעגאַלער צוגרייטונג אַראָפּצואוואַרפן דעם צאַר, אַרויסצורייסן שטיקער פרייהייט פון דער צאַרישער הער-שאַפט פאַר דעם יידיש-פּוילישן פּראָלעטאַריער. געקומען פון דער אַרבעטער-באַוועגונג כדי אין זיין בוך „ראָמאַנטישע יאָרן" צו דערציילן צו די יידישע אַרבעטער-מאַסן פון „יענע צייטן". דער רעוואָלוציאָנער-געשטימטער פּאָעט, וואָס ווערט וואָס אַ מאָל מער אַנטוישט אין רעוואָלוציע, נאָכדעם ווי ער לעבט איבער די רוסישע רעוואָלוציע אין 1917, די שרעק-לעכע יאָרן פון בירגער-קריג, ווערט אָבער ניט אַנטוישט אין זיין פאָלק.

ווי געזאָגט, דאָס פּובליקום האָט אין אים געהאַט זיין שריפטשטעלער, זיין פּאָעט. דער פּאָעט האָט אין פּוילן געהאַט זיין פּובליקום. זיין פאָלק, ביידע, פּאָעט און פאָלק, האָבן געלעבט אויף איין ערד, אין קעניג קאַזשימיערזשעס מדינה. פון צייט צו צייט זיינען אויסגעבראָכן אַנטיסעמיטישע עקס-צעסן. לעצטנס אַפילו פּשיטיקער פּאָגראָמען. אָבער דער יידי-שער שאַפונגס-פּאַדעם האָט זיך קיין מאָל, במשך פון די בי-טערסטע יאָרן, בשעת דער הערשאַפט פון די וואָיצעכאָווסקיס, פּילסודסקיס, גראַבסקיס, שיקאָרסקיס און וויטאָסעס — ניט איבערגעריסן. פאַרקערט, עס איז געווען דער גלאַנץ-פּעריאָד פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור אין פּוילן.

...ז. סעגאַלאָוויטש איז געשטאַנען אויף דער בינע אַן איינ-זאַמער און אַ צעבראָכענער. ביז איצט האָבן פעלקער פאַר-לוירן — פּאָעטן. פעלקער האָבן געטרויערט אויף זייערע דיכטער. און דאָ שטייט צום ערשטן מאָל אַ פּאָעט וואָס האָט פאַרלוירן זיין פאָלק. אַ פּאָעט טרויערט אויפן גרויסן בראָך פון זיין פאָלק. און עס איז זייער טראַגיש ווען אַ שע-

פער שטייט אין אזא שרעקלעכער לאגע. מיר האָבן צום ערשטן מאָל כמעט דערזען ווי אזוי אַ פּאָעט זעט אויס, ווי אזוי עס זעט אויס אַ יידישער שריפטשטעלער פון פּוילן, וואָס טרויערט אויפריכטיק נאָך זיינע לייענער, נאָך זיין פאָלק. ביז איצט האָבן מיר באַגעגנט פליכטלינגען, פּאַרטיי־מענער, אַלערליי פונקציאָנאַרן, רייכע און אָרעמע, אָבער זייערע פּנימער האָבן זיך דערהאַלטן, אַפילו ווען זייער האַרץ בלוטיקט... דאָ, אין סעגאַלאָוויטשן, איז געשטאַנען אַ קראַנקער, אַ צעבראָכענער באַרד פון זיין צעבראָכענעם און קראַנקן פאָלק.

ה. לייוויק

## אין אונדזער ליטעראַרישער סביבה *

אין מערץ־נומער „צוקונפט" איז אָפּגעדרוקט אַ לאַנגע פּאָעמע וועגן דעם יידישן חורבן אין פּוילן פון ז. סעגאַלאָוויטש, אונטערן נאָמען „דאָרטן". די פּאָעמע, פיל איך, דאַרף ניט פאַרבייגעגאַנגען ווערן פון דעם יידישן לייענער. מיט די מערסטע טיילן אירע מעג די יידישע פּאָעזיע פשוט זיך איבערנעמען, אָדער זי מעג זיך איבערנעמען מיט דער גאַנצער פּאָעמע, ניט געקוקט אויף אייניקע טיילן שוואַכערע. די שוואַכערע טיילן, דערהויפּט אין דער ערשטער העלפט, ווערן אויפגעלייזט אַלץ מער און מער אין אויפציטערנדיקן טרויער, אין אויפריכטיקן און באַוועלטיקנדיקן איכה־קלאָג, וואָס וואַקסט פון טייל צו טייל און פאַרכאַפּט די גאַנצע נשמה דיינע. די פשוטקייט פון אויסדרוק, אַפילו ערטערווייז

* עסייען און רעדעס, 1963, נ״י — דאָ געקירצט.

א פראַזאַאישקייט און וואו־ניט־וואו אַפילו אַ נאַכלעסיקייט, שטערט דיר ניט אויפצונעמען דעם ניט־פשוטן געיאָמער, וואָס טראָגט זיך פון יעדער שורה — דעם עכטן געיאָמער פון אַ יידישן דיכטער אויף אַ מוראדיקן יידישן חורבן. מען קען זאָגן, אַז עס איז דער ערשטער, און דערווייל דער איינ־ציקער, דיכטערישער דאָקומענט, וואָס פארצייכנט אין אונ־דזער ליטעראַטור, סיי ווי אַ כראָניק און סיי ווי אַ ליריש געוויין, דעם דאָזיקן חורבן. די פּאָעמע נעמט ניט אַריין דעם פינאַל פון דעם חורבן — דעם העראָאישן אויפשטאַנד פון דער יידישער געטאָ. ס'איז ניטאָ קיין אָנוואונק אויף דעם אין דער פּאָעמע. די פּאָעמע איז, ווייזט אויס, געשריבן גע־וואָרן פון סעגאַלאָוויטשן פריער, פאַרן אויפשטאַנד, אונטער די טראַגישע, אוממיטלבאַרע איינדרוקן, וואָס דער דיכטער אַליין האָט דורכגעטראָגן סיי בשעת דעם חורבן, סיי בשעתן אַנטרינען פונעם חורבן. דאָס אַנטרינען פונעם חורבן, דאָס ראַטעווען זיך, וואָס איז פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל — באַ־רואיקט ניט דעם געמיט פונעם דיכטער. פאַרקערט גאָר: דאָס ראַטעווען זיך פּלאָגט אים און צערייסט זיין נשמה אַזוי שטאַרק, ווי די איבערלעבונגען פונעם חורבן אַליין.

די פּאָעמע אָבער מיידט אין גאַנצן אויס דעם ארץ־ישראל־מאָמענט, אַזוי ווי דער דיכטער וואָלט זיך ניט פאַר־גונען קיין ביסל פרייד און קיין ביסל אויפהייטערונג. נאָך מער — אַזוי ווי דער דיכטער וואָלט גאָר געווען אייפער־זיכטיק אויף דער פרייד, וואָס דאָס נייע ארץ־ישראל־לעבן, מיט דער גאַנצער ארץ־ישראלדיקער לאַנדשאַפט קען אונטער־טראָגן אַ ניי־געקומענעם יידן, אַן אַרויסגעראַטעוועטן פון אַזאַ שרעקלעכן חורבן. אויף טריט און שריט שפּירט גאָר דער דיכטער זיך זינדיק, וואָס ער האָט זיך געראַטעוועט. ער האָט צו טיף ליב דאָס געפּייניקטע פאָלק זיינס, וואָס מאַכט דורך דאָרטן אַזוינע עינויים, אַז ער זאָל דאָ קענען געפינען רו אין גאולה־פרייד, אַז עס זאָל אים איינגיין דאָס ביסן אין מויל און דער שלאָף בייכנאַכט. — — —

סעגאַלאָוויטשעס פּאָעמע איז אַן אינטערעסאַנטער, ער־

טערוויז אַ גרויסער, דיכטערישער האַקומענט, וואָס פאַר־
אייביקט אין פשוטע שורות דאָס געוויין איבערן חורבן וואַר־
שע און דעם פּראָטעסט קעגן דער וועלט, וואָס האָט אַזאַ
חורבן צוגעלאָזט. דער דיכטער דערהייבט זיך אָפט צו אומ־
געווײנטלעכער קראַפט דורכן אײנפאַכן זאָגן דעם אמת און
דורך אומבאַגרענעצטער בענקשאַפט און ליבשאַפט, וואָס ער
טראָגט אין זיך צו דעם „פשוטן ייד איטשע מאיר" פון
וואַרשע, ביי וועמען דער דיכטער, איצט זייענדיק אין ארץ־
ישראל אַ געראַטעוועטער, בעט מחילה.

איך וויל דאַרטן בעטן מחילה
ביים פשוטן ייד איטשע מאיר, —
וואָס איך האָב זיין וועג און זיין תפילה
ניט שטענדיק פאַרשטאַנען, ווי טייער —

דער דיכטער קען זיך ניט באַרואיקן אין זיין גע־
ראַטעוועטקייט. ער איז זיך אַליין ניט מוחל. דאָס לעבן
גייט אים ניט איין, ווען ער ווייסט אַז —

די שנאה, די פינצטערע שנאה,
וואָס רייסט זיך צו שווערד און צו פייער,
זי האָט דיך געזוכט צו געפינען —
זי האָט דיך געכאַפּט, איטשע מאַיער!

איטשע מאיר איז אויפן דיכטער געווים ניט אין כעס,
איז אים געווים מוחל, וואָס ער, דער דיכטער, האָט זיך
געראַטעוועט, אָבער דעם דיכטערס הארץ איז „צערים און
צעשונדן", ווי ער זאָגט אַליין, און ער לעבט אין פאַר־
שעמטקייט, ווייל אַט איר זעט דאָך — „מע לעבט... און
די שטערן זיי שיינען." די שטערן טוען זייערס — זיי
שיינען. און דאָס אָרעמע מענטשלעכע לעבן, אויב עס
האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פונעם חורבן, טוט אויך דאָס
זייניקע — עס לעבט. און אַז עס לעבט, איז עס דאָך פאַר־
שאָלטן צו האָבן אַ ביסל הנאה פון דעם לעבן, און אַט

דאָס ביסל הנאה וואָס ער האָט איצט מאַטערט דעם דיכטערס ערלעך האַרץ און „עס וואַקסט אין אים גרע־סער און גרעסער און די קללה פאַר יעדער הנאה". און וואָס איז אים איצט ליד? און וואָס זיינען אים איצט ספרים? און וואָס זיינען אים איצט סעדער און פּרדסים? — אַז פאַר זיינע אויגן הערט ער ניט אויף צו זען די „דאַר־טיקע" לוויות, און ער אַליין, דער דיכטער, איז „ווי ביים לעבן באַגראָבן. ער האָט ניט קיין וואָרט פאַר די פיינען, און וועט אים שוין קיין מאָל ניט האָבן..." און אַלט איז דער דיכטער שוין זעכציק יאָר און איז געוואָרן אויף דער עלטער „אַ ממזר פון זעכציק..."

אַ ציטער איז מיר אַדורך, ווען איך האָב געלייענט די שורות, וואו דער דיכטער זאָגט אויף זיך אַליין אין זיין קלאָג אויפן חורבן וואַרשע, אַז „ער פילט זיך אין גאַנצן פאַרלוירן אין שוידער פון אומקום, אין פלאַנטער. — אַ ממזר פון זעכציק — פון יאָרן." און אין אַ צווייטן אָרט זאָגט ער אויף זיך, אַז ער איז אַ פאַרשאָלטענער דיכטער און קללות באַגלייטן זיינע לידער, און

צי וועט מען מיין געסל געפינען
מיט עפּעס אַ סימן פון נעכטן?
די קברים אויף לאָדזשער בית־עולם —
צי זיינען די קברים פאַרבליבן?
צי איז נאָך פאַראַן דאָרט אין פּוילן
אַ קוויטל וואו איך בין פאַרשריבן? —

און דורך זיין צער און מאַכטלאָזיקייט, דורך זיין באַ־העפטן זיך מיטן גורל פון די וואָס האָבן פאַרשפּילט, און מיט זייער נאַכט וואָס „אויף איר לוח האָט דער גורל אָנ־געשריבן די שרעקלעכע זאַכן", קומט ז. סעגאַלאָוויטש צום באַוואוסטזיין פון העכערן גורל, און ער זאָגט אַזוינע אויפ־טרייסלענדיקע ווערטער:

רחמנות... איך בעט ניטביים רויבער,
איך וויל ניט צום קאלטן רוצח,
איך האב נאך דעם ניצוץ פון גלויבן,
איך רוף צו א העכערן כוח,
ווי גייט מען דעם אפגרונט אריבער?

און ווייטער:

רחמנות? אך אל מלא רחמים!
פאר אלע אבלים — רחמנות!
ווי קענען מיר, עלנטע, שוואכע,
באוויינען אזוי פיל קרבנות?

און ער ענדיקט זיין פשוטע איכה:

ביים טוי פון די זאפטיקע גראזן,
ביים ליכט פון די ריינע פארטאגן —
אל רחמים! דו וועסט ניט דערלאזן
אז קדיש נאך דיר זאל מען זאגן.

יא, מיר אלע ווילן צוזאמען מיטן דיכטער ניט אויפהערן צו הייבן אונדזערע אויגן צום ליכט פון די ריינע פארטאגן, אזוי ווי מיר ווילן ניט, אפילו ביים לייענען חורבן־מאטיוון, אפזאגן זיך פון דער פרייד וואס דיכטערישע דערגרייכונג פארשאפט אונדז. סעגאלאוויטשעס פאעמע „דארטן" פאר־שאפט אונדז אט די פרייד — א מאדנע, מאדנע פרייד אזא — א צער־געמישטע, א געוויין־געמישטע, אן איכהדיקע פרייד.

נחמן מייזיל

# סעגאַלאָוויטשעס אויטאָביאָגראַפיש ווערק

פאַר די 45 יאָר פון זיין שאַפן האָט סעגאַלאָוויטש, אויף זיין אופן און שטייגער, אויפגענומען שטיקער לעבנס, צייטן, סביבה און זיי אַריינגעוועבט אין זיינע פאַרשיידענע ווערק. געווען צייטן, ווען ער איז געווען יונג־שטורעמעריש, יונג־שטיפעריש און יונג־חוצפהדיק. זייַנע ליבע־געזאַנגען און זיינע טרוימען־פּאָעמעס מיט זייער ראָמאַנטיזם, וואָס האָט אָפט גע־גרענעצט מיט סענטימענטאַליזם, האָבן גערעדט צום האַרץ פון דעם יידישן דורכשניטלעכן בחור און מיידל אין פוילן, אין וואָלין, אין ליטע. ער האָט באַזונדערס שיין און האַר־ציק באַזונגען קאַזשמעזש, די גאָלדענע פּאַווע און רייזעלע דעם שוחטס. ס׳איז מערקווירדיק געווען, וואָס גראָד ער, דער ביאַליסטאָקער, דער וויים־רוסישער, האָט מיט אַזאַ באַ־האַרציקייט באַזונגען דאָס יידיש־פּוילישע, דאָס פּאַטריאַרכאַ־ליש־פּוילישע. אָבער אין דער צייט וואָס שלום אַש און י. ווייַ־סענבערג, למשל, זיינען, ווי עכט־יידיש־פּוילישע זין, געווען טיף־אַריינגעוואַקסן אינעם יידיש־פּוילישן באָדן און זייַנען ווי פעסטע שטאַמען אַרויסגעוואַקסן פון דער יידיש־פּוילישער ערד, איז ז. סעגאַלאָוויטש געווען אַ באַוואונדערער און באַזינגער פון דעם יידישן פּאַטריאַרכאַלישן פּוילן.

דאָס לעבן, די גערעַנגלענישן אין דער וועלט האָבן אים, דעם דיכטער, וואָס האָט אַלץ געוואָלט לעבן ביחידות, פאַר־באַהאַלטן אין די אייגענע ד׳ אמות, געטריבן אַן געיאָגט פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד. ס׳איז ביי אים דער־נאָך געווען אַ פּעריאָד פון „שטעגן־וועגן”, פון וואָגלענישן איבער „רוסלאַנד”, פון איינלעבן זיך און אייַנאייגענען זיך מיט „קרימער נעכט” (אַלץ נעמען פון זיינע ווערק).

דער פּראָצעס פון אָנלאָד און אויסלאָד, פון אָנלאָדן איינ־דרוקן און איבערלעבענישן און אויסלאָדן זיי אין קלענערע און גרעסערע שאַפונגען — לידער, פּאָעמעס, דערציילונגען און ראָמאַנען — איז פאָרגעקומען ביי אים אָן אויפהער, אָן איבעררייס, מיט קיין שום דיסטאַנצן פון צייט און שטח

אינמיטן. האָט טאַקע איינער אַ שרייבער (א. ל. יאַקובאָ-וויטש) אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן ז. סעגאַלאָוויטשן אָנ-גערופן מיטן נאָמען: „אַ דיכטער, וואָס שוואַנגערט ניט" (אין זשורנאַל „חודש", 1921, וואַרשע).

אין זיין „אייביק איינזאַם" און אין זיין „אַנאַרכיסטיש מיידל" — די צוויי טיילן פון דער טרילאָגיע „זעליגס יאָרן" — שילדערט ז. סעגאַלאָוויטש זיין אייגן לעבן. דאָס ווערק איז אויטאָביאָגראַפיש, ווי אַלע זיינע אַנדערע ווערק, וואָס זיי-נען אין תוך אָפּקלאַנגען, אָפּהילכן, איבערגערופן מיט זיינע אייגענע איבערלעבענישן. אין די צוויי ביכער גייען אַדורך זעליגס (סעגאַלאָוויטשעס) יאָרן, זיין קינדהייט, יוגנט, בחור-שאַפט. עס פורעמט זיך אויס זיין כאַראַקטער. ער הייבט אָן צו שרייבן זיינע ערשטע לידער.

עס איז אינטערעסאַנט דערביי צו מאַכן פאַרגלייכן צווישן ז. סעגאַלאָוויטשעס ביכער מיט די אויטאָביאָגראַפישע ווערק פון פרץ הירשביין („מיינע קינדער-יאָרן", „אין גאַנג פון לעבן"), פון דוד בערגעלסאָן („ביים דניעפּער", „פּענעק" און „יונגע יאָרן"), און אַרויסברענגען דעם אופן, ווי ז. סעגאַלאָוויטש באַמיט זיך אַרויסצופירן זיך, זיין געמיט-צושטאַנד, זיין גאַנג אין דער וועלט. די אויטאָביאָגראַפישע ביכער, די שילדערונ-גען פון אייגענע איבערלעבענישן זיינען דער בעסטער שליסל צו די חדרי-חדרים, צו די אינעווייניקסטע וועלטן פון דעם קינסטלער. אין דער צייט, וואָס הירשביין און בערגעלסאָן באַמיען זיך מער פון אַלץ אַרויסצוברענגען די סביבה, די סאָציאַל-פּאָליטישע און קולטור-געזעלשאַפטלעכע באַדינגונ-גען, און דער וואַקסנדיקער קינסטלער איז אַזוי-אַרום באַוויזן ווי אַ פּראָדוקט פון דעם אַרום; אין דער צייט, וואָס אין זייערע ווערק קומט פאָר אַן איבערראַשונג פון ווערטן, און דער היינטצייטיקער קינסטלער פירט אַדורך דאָס אַמאָליקע לעבן פון צענדליקער יאָרן צוריק אינעם שיין און פריזמע פון אַ היינטצייטיקן איינשטעל, איז ז. סעגאַלאָוויטשעס אוי-טאָביאָגראַפישע ווערק בעיקר אַ דין-וחשבון, אַן אָפּרעכענונג פון אייגענע תביעות און טענות צו קרייזן, צו באַקאַנטע און פריינד. ס'איז אָפט אַן אויסטענהן זיך פאַר עוולות און

קריוודעס, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן צו אים אין זיינע יונגע יאָרן.

מיר טרעפן אין די ביכער דעם יונגן זעליג קאַמענעצקי (זוסמאַן סעגאַלאָוויטש) אין ווילנע צווישן יונגע שרייבער, צווישן פּאַרטיי־טוער. ס'קומען אָן די וויכטיקע געשעענישן — די רעוואָלוציע, די רעאַקציע־יאָרן — און ווידער אַ מאָל ווילנע, וואַרשע, לאָדזש — ביזן אויסברוך פון דעם ערשטן וועלט־קריג; מאָביליזאַציע, מהומה, מיליטער־דינסט...

בעת אַט־די האַסטיקע וועלט־ענדערנדיקע געשעענישן איז קאַמענעצקי־סעגאַלאָוויטש אַלץ און בעיקר פאַרנומען מיט זיך. אַרום און אַרום זעט ער בלויז פּרעמדקייט, עגאָאיס־טישע נאַטורן, אַלע ווילן און זוכן אויסצונוצן אים, זעליגן, פאַר אייגענע אינטערעסן. ווערט ער פון די יונגע יאָרן פּרעמד צו דער אַרומיקער, רוישיקער וועלט, פאַרזעט גרוי־סע געשעענישן, עס פאַרבלייבט ביי אים פון אַלעמען איבער־געלעבטער פאַרדרוס און צאָרן, פאַרביטערונג און פאַרפרעמד־קייט, און אַזעלכע זיינען אויך זיינע ליבע־איבערלעבענישן.

אין די ווייטערדיקע יאָרן, וואָס ווערן געשילדערט אינעם צווייטן בוך, אינעם „אַנאַרכיסטישן מיידל", טרעפן מיר זיך אָן אויף פאַרשיידענע באַמיאונגען פון זעליגן צו דערנענטערן זיך צו אַנדערע, צו עפענען פאַר זיי זיינע געפילן, אָבער אַ קללה הענגט איבער זיין לעבן; זיינע פּרואוון צו דערנענטערן זיך צו אַנדערע שלאָגן זיך אָפּ, לויט זיין באַנעם און אויסטייטש, אָן קאַלטקייט, אָן נישט־אויפריכטיקייט, אָן גלייכגילט. עס וואַקסט דאָס שווערע געמיט פון זעליג קאַמענעצקי, עס וואַקסט דאָס שווערע געמיט ביי זוסמאַן סעגאַלאָוויטש. „איך מייד אוים אַלע פּרעמדע און אַלע די, וואָס קאָנען מיר בלייבן פּרעמד", — און ס'איז שוין כלל ניט קיין קאַפּ־ריז, עס איז אָן אייגנשאַפט, עס איז אַ כאַראַקטער אַזאַ. וואַקסט אַזוי כסדר די איינזאַמקייט, די איזאָלירונג ביי אים, וואָס ברענגט צו קרענקלעכקייט.

אָבער דאָך האָט ז. סעגאַלאָוויטש געטראָפן דעם וועג צו די הערצער פונעם געוויינטלעכן לייענער אין פּוילן.

וואָס איז געווען דער סוד פון ז. סעגאַלאָוויטשעס פּאָ־פּולערקייט צווישן דעם יידישן דורכשניטלעכן לייענער? קודם־כל — די לייכטקייט, די פּשטות, די נאַטירלעכקייט פון זיי־נע שאַפונגען. זיינע ווערק האָבן געהאַט אין זיך די עכט־קייט און אויטענטישקייט פון טאָג־ביכער, פון פּערזענלעכע איבערלעבענישן, פון מעמואַרן, און דערצו — אַ ספּעציעלע אינטימקייט פון דערציילן און שילדערן. ער האָט ניט גע־שוינט און ניט פאַרבאַהאַלטן זיינע אייגענע אינטימע אי־בערלעבענישן, ער האָט זיי אין „דער הייסער מינוט" אַרויס־געבראַכט אין זיינע ווערק. דער יידישער לייענער־עולם האָט עס געפילט און באַגריפן, און עס איז געווען ביי אים אַ מין דאַנקבאַרקייט צום שרייבער, וואָס פאַרבאַהאַלט ניט פון די לייענער זיינע אייגענע ליבע־פּאַסירונגען, מיט די שווערע פאָלגן, וואָס זיי ברענגען אים.

ז. סעגאַלאָוויטש האָט מיט זיין אומעט ניט באַאומרואיקט, ניט אויפגעטרייסלט דעם לייענער, נאָר, פאַרקערט, אים באַ־רואיקט און פאַרוויגט.

י. פּאַט

## מאַי קאַ משמע לן?*

זיין באַשרייבונג איז ליטעראַריש ציכטיק, ער ברענגט אַרויס אַ מיטגעפיל, אַ סענטימענט צו זיינע העלדן. ער שטעקט אָן מיט דעם סענטימענט זיין לעזער. זיינע שורות זיינען וואַרעם.

* „וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור" (רעדאַקציע: י. פּאַט און ח. ש. קאַזדאַן), נומער 30, נאָוועמבער 1931.

ליבע, בענקשאַפט, זון־פאַרגאַנג, וואַלד, טייך, שניי־וועג, אומעט, איינזאַמקייט... דאָס זיינען די עלעמענטן, די שטאָפן, פון וועלכע ער קנעט אויס זיין ראָמאַנען־וועג.

די וועלט איז גרויס און ווייט. און עס איז אויף איר אומעטיק. פירט מען אַ ליבע, ענדיקט זי זיך מיט פאַראַט און — טרויער. איז גלייכער אויף דער דאָזיקער שלעכטער וועלט אַליין אַרומצושפּאַצירן ביי אַ ברעג טייך, אָדער אין שנייאיקן וואַלד. און אַט אַזוי, אומעטיקערהייט אפשר ווי־דער שפּילן אַ ליבע.

ז. סעגאַלאָוויטש האָט אַנגערירט אַ סטרונע ביי זיין לעזער, מערסטנס לעזערין, עס האָט זיך דערמאָנט אַ געוועזענע ליבע, אַ פאַרנאַכט הינטערן שטעטל, אַ שבת צו נאָכטס ביי דער פּיאַנאָ, און אַט האָט מען, לעזנדיק דאָס בוך, דוכט זיך אויסגעפלוידערט זיך אַ פּאָר שעה ביי דער שיין פון דער לבנה.

„ראָמאַנטישע יאָרן" און די „ברידער נעמזאָר", זיי זע־נען איינס, זיי דערגאַנצן איינס דעם צווייטן. מיט דריי צענדליק יאָר צוריק האָט ז. סעגאַלאָוויטש אַ שמעק געטאָן פון „עץ הדעת", ער האָט האָט אין זיך אַריינגענומען דאָס „פינפטע יאָר", עפּעס זיכערס און דערהויבנס. און אַליין איז ער אַוועק צו מאַדאַם בעלאַ נעמזאָר. ער האָט זיך איינ־קוואַרטירט אין הויז פון די בירגער, הויפטזעכלעך — — —

וואָס נוגע די „ברידער נעמזאָר" וואָלט מען געקאָנט אויפציילן אַ היפּש ביסל ליטעראַרישע חסרונות און מעלות. דאָס ווערק איז צעצויגן, מען שטייט אָפּ הונדערט־זייטנדיק אויף איין אָרט און מען באַוועגט זיך ניט ווייטער, עס זענען דאָ ליידיקע זייטן, ווייסע, זיך־איבערחזורנדיקע. אין בוך זע־נען אָבער דאָ אויך לעבעדיקע, שאַרף־געצייכנטע געשטאַלטן, מענטשן מיט פליייש און בלוט, אָפטער טראָגט זיך אָן אַ גוטער ריח פון וואַלד־סמאָלע, דערהערט זיך דער גערויש פון טאַרטאַק, פילט מען דעם שניי אין מיטן ווינטער.

און דאָס שטאַרקסטע פון בוך געפינט זיך גראָד ניט

אין מזרח, גראָד ניט אין די הויפּט־פּערזאָנען, און אפילו בכלל ניט אין די מענטשן פון ראָמאַן, נאָר אין ראָם פון ראָמאַן, אויפן פאָן פון בוך. דער פאָן איז — דער וואַלד. און „עס שטייען וועלדער ווינטערדיקע, שווייגנדיקע, שטייען און לעבן פאַר זיך אַליין, מיט זיך אַליין". ז. סעגאַלאָוויטש האָט געזען אַ וואַלד, געזען ווי עס זעט אים אַ ליריקער, און אים אַראָפּגעבראַכט אויף די זייטלעך פון זיין בוך. ער האָט געזען און דערזען דעם וואַלד אין זיין זומער און אין זיין ווינטער, אפילו די פוקסן פון וואַלד. ער איז געגאַנגען איבער דעם וואַלד מיט סטעזשקעס, אויף וועלכע עס קומט זעלטן אַ מענטש, „וואו נישט וואו האָבן מענטשן דורכגעהאַקט אַ וועג". לעבעדיקע, אמתדיקע זענען אויך די יאַגד־הינט, וואָס לויפן אין וואַלד, און נאָך מער דער זקן דער וואַלד־וועכטער וואַסיל. די יידן, די שאַצערס פון וואַלד, די וואַלד־פייגל נאָכן רעגן, דער לעבעדיקער טאַרטאַק, וואו דער אויוון ברענט אַ גאַנצע נאַכט און די מעסערס שניידן זיך אין האָלץ פון קלאָץ... דאָס „שעכט־הויז" פון וואַלד.

אָבער דאָס איז ניט דער עיקר. אונדז גייט דאָך אין דער נשמה פון ווערק.

און די נשמה איז אַן אָרעמע. שלום אַשם „קידוש השם" טראָגט נאַציאָנאַליסטישן פּאַטאָס. אָפּאַטאַשום „פּוילישע וועלדער" האָבן חסידיש־בונטאַרישן ברען. וואָס האָבן די „ברידער נעמזאָר" יאָ ליב, צי נישט ליב" — מיט דעם קאָן מען דאָך ניט מאַכן קיין מעמד.

און אַז איר טרייסלט אָפּ דאָס ביסל אידעאַליזירנדיקע פּודער מיט וועלכע ז. סעגאַלאָוויטש האָט באַשאָטן זיין הויפּט־העלד קובאַ נעמזאָר, וועט בלייבן אַ ייד, אַן ערלעכער וואַלד־סוחר, וואָס האָט עגמת נפש, הלמאַי זיין ווייב האָט אים פאַראַטן מיט זיין בוכהאַלטער.

און זאָל זיין, אַז דער דאָזיקער וואַלד־סוחר איז גראָד אַ סימפּאַטישער מענטש. „איז דאָך — מאַי קאָ משמע לן?"

* * *

און ס'איז, באמת, צו באַדויערן.

עס איז אַ פיין פאַרן שרייבער, ווען ער באַגייסטערט ניט דעם לעזער, ווען ער הויבט אים ניט.

כדי צו האָבן מאַכט איבער דעם לעזער, מוז מען קודם האָבן מאַכט  אין זיך.

ה. ל. פוקס

## דער לעצטער ראָמאַנטיקער

סעגאַלאָוויטש האָט געשריבן מיט אַ „לייכטער האַנט" (וואָס האָט אַרויסגערופן פּראָדוקטיווע קנאה פון יידיש-שרייבער), כאָטש ער האָט מער ווי אָפט געשריבן זיינע ביכער מיט אַ גאַנץ שווער געמיט.

און פּונקט ווי ער האָט געזען זיינע טיפן, אַזוי האָט ער זיי געמאָלט — טריי. סעגאַלאָוויטש איז ניט צוגעגאַנגען צו זיינע טיפּן „מיט דער רעכטער האַנט צום לינקן אויער", נאָר פּראָסט און פּשוט האָט ער גענומען „פון גרייטן", פּונקט ווי די באַטור מאַכט פּערטיק אירע שיינע פּירות און וויזט זיי אונדז גרייט צום געניסן, אַזוי האָט ער גענומען פון לעבן זיינע טיפּן.

דער גרויסער יידישער אַנאַנים — דער כלל וואָס באַשיידנקייט איז אַ גרונט-שטריך פון זיין פּסיכיק, — האָט דעריבער געפונען זיך, זיין אייגן לעבן אין די ווערק פון ז. סעגאַלאָוויטש.

סעגאַלאָוויטש איז געווען און געבליבן דער ראָמאַנטי-

קער אין דער יידישער ליטעראַטור. ער איז עס אַפילו גע־בליבן אין דער טראַגישסטער צייט פאַר אונדזער פאָלק, אין חורבן.

דעם בוים פון יידישן פוילן זעט ער אין זיין בליען און וועלקן, און ער הערט דעם טרויעריקן, טויטלעכן געזשום פון אונדזערע שוועסטער און ברידער, דעם שטילן געדויש פון זייער גסיסה... און פונקט ווי ער הערט די פייגל זינ־גען דעם טרויער אין די צווייגן, אַזוי קלאָגט ער אין זיינע לידער דעם ניגון פון אונדזער בראָך. אין סעגאַלאָוויטשעס לעצטע לידער הערן מיר דאָס קלאָגן פון יענער לעגענדאַרער יידישער טויב, וואָס קלאָגט אַרום פון דער אַלטער חורבה, דאָס שבעה־געוויין נאָך אונדזערע מאַרטירער...

עס איז סעגאַלאָוויטשעס דיכטערישער בלוט־טראָפּן, וואָס איז אַריינגעטריפט אין זיין ליד. און כאָטש פון דער טרער, וואָס איז „געמישט מיט וויין", איז שוין בלוט, יידיש בלוט געוואָרן, קען סעגאַלאָוויטש נאָך אַלץ ניט מחלל זיין די נאַ־טור, די גרויסע וועלט, וואָס ער ליבט אַפילו אין זיין האַס און וועלכער ער איז אַלץ ווייטער געטריי אין זיינע ווערק.

ווייל סעגאַלאָוויטש האָט געפילט, אַז מיטן לעצטן מענטש וועט שטאַרבן דער לעצטער ראָמאַנטיקער. און דאָס איז דער הויפּט־שטריך, דער שליסל צו דער פּערזענלעכקייט און צו דעם שאַפן פון גרויסן יידישן פאָלקס־שרייבער און דיכ־טער ז. סעגאַלאָוויטש.

געגערט פון דער רעוואָלוציע אין יידישן לעבן — דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, וועמענס מיטגליד ער איז דעמאָלט געווען, — האָט סעגאַלאָוויטש אויך שפּעטער זיך ניט געקענט באַפרייען פון דער ראָמאַנטיק פון דער רעוואָ־לוציע, וואָס הגם ניט תמיד איז עס בולט געווען אין זיינע לידער, איז אָבער די ווירקונג געבליבן אין זיין טאָן.

און כאָטש סעגאַלאָוויטשעס לידער זיינען אין יענער צייט שוין מיט אומעט און טרויער אַדורכגעוועבט און שוין אין זיינע יוגנט־יאָרן זינגט ער:

ווּיפל פאַרבן האָט דער הימל,
ווען אַ טאָג פאַרגייט,
ווען עס שטאַרבט אַ טאָג... מקנא
בין איך אַזאַ טויט...

איז עס ניט געווען דער רעזיגנאַציע-טאָן אין סעגאַלאָ־וויטשעס וועלט-אָנשויאונג, נאָר פאַרקערט: עס איז געווען דאָס זען די פאַרבן, די שיינקייט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין יידישן לעבן מיטן גייסט פון דער צייט, און סעגאַלאָוויטש טרוימט, ראָמאַנסירט מיט זיין געמיט, וואָס וויל אַרויס צו דער וועלט.

אמת, אין אַ טייל פון זיינע ווערק באַשעפטיקט סעגאַלאָוויטש זיך מיט דער וועלט פון יחיד; אָבער ווען מיר אַנאַליזירן די אַלע טיפן און געשטאַלטן, דערזעען מיר אַז אפילו זיינע יחידישע טיפּן וואַקסן אויס צו אַ כלל, צו פאָלק הן אין זייער שילדערונג, הן אין זייער פסיכיק און הן אין זייער וועלט-אָנשויאונג.

אין זיין דיכטונג און דער עיקר אין זיינע פּראָזע-ביכער האָט ער געגעבן דאָס לעבן און די שטרעמונגען פון אַ גאַר גרויסן טייל פון אונדזער יוגנט און פאָלק אין זייער צעשטורעמטער און זוכנדיקער יוגנטלעכקייט מיט אַ גאַנץ רייכן טיפּאַזש, מיט אַ פאַרשידנקייט פון צייט און אָרט, מיט דער טענדענץ צו געבן דאָס לעבן...

ווייל — וואָס זיינען דען די הונדערטער נאָוועלן וועלכע סעגאַלאָוויטש האָט אָנגעשריבן דורך זיינע פופציק יאָר פון פרוכטבאַרן שאַפן, אויב ניט דער שטאַרקער יידישער אָפּטימיזם, דער גאַרנדיקער גערעאַנגל פון די אַלע „ווילדע צילקעס"? און וואָס זיינען דען די חלומות פון די „ראָמאַנטישע יאָרן", אויב ניט דער הויך, די צאַרטקייט פון דער יידישער יוגנט אין די יידישע שטעט און שטעטלעך צווישן די ביידע מלחמות? די אַלע „לעגענדעס, וואָס וועבן זיך", אָטעמען מיט דער גרויסער ליבשאַפט צו זיינע העלדן, וואָס

גיבן איבער לדורות די שטימונגען פון אונדזער יוגנט איידערן אומקום.

„איך זע און ביז מיין לעצטער רגע וועל איך זען
די לעבנס פון די אלע, וואס האבן אזויפיל
געליטן..."

מיט אט די פאר ווערטער פון זיין בוך „געברענטע טריט", אין וועלכן סעגאלאוויטש שילדערט מיט פיל צער און פיין די אלע גרוילן פון יידישן מענטשן זייט די יארן 1939; מיט די פיינען פן יידישן פליט, קען מען ניט נאר כאראקטעריזירן די לעצטע חורבן-יארן פון גרויסן יידישן שרייבער, נאר זיין גאנצן לעבנס- און שאפונגס-וועג בכלל.

אין די יארן פון אונדזער אומקום דורך די היטלער-באנדיטן האט סעגאלאוויטשעס טאלאנט דערגרייכט צו העכסטער שלימות און טיילמאל דערמאנט מיט זיין אויפריכטיקן איכה-טאן אין די קינות און סליחות פון די אלטע יידישע מקוננים. זיינע ביכער „דארטן", „איצטער" און אנדערע וועלן זיכער אריין אין אוצר פון די גייסטיקע ווערטן לדורות און וועלן אפשר (ווען מיר וועלן אפהיטן די אינטימיטעט און צארטקייט פון דער יידישער שפראך) פארהייליקט ווערן דורכן פאלק, ווי יענע אלטע תפילות; אין זיין גאנץ מהות איז סעגאלאוויטש געווען פון די שרייבער, וואס האבן זיך אריינגעפעדעמט מיט זייער שאפן אין דער נשמה פון אונדזער דור, דעם דור, וואס האט געחלומט פון דערלייזונג.

ווייל, וואס איז דען דער אמתער קינסטלער, אויב ניט א זעער, פונקט ווי עס זיינען געווען די נביאים, וואס זיינען טרעפלעך באצייכנט געווארן מיטן נאמען: חוזה — דער זעער. סעגאלאוויטש איז עס געווען.

סעגאלאוויטש איז געווען און געבליבן טריי און ערלעך צו זיין וועלט און טריי צו זיין ווארט און פונקט ווי אין איינס פון זיינע ערשטע לידער מעדיטירט ער:

וואָס איז אַ ליד? אַ שיינער קלאַנג,
אַן אָדלער־פלי פון דעם געדאַנק.
אַ בליק צו גאָט, אַ בליק אין תהום.
פאַרלאַנג געמישט מיט פערד, מיט ריים.
אַ הייליק פלוך און אומעט־פרייד,
אַ שמעטערלינג, אַ ווייסע קווייט,
אַ טרער, וואָס גאַרט און וויגט אונדז איין
— אַ שטומע טרער געמישט מיט וויין...

אַזוי איז ער אין זיין שאַפן. און אַט די געמישטע טרער פון פיין און וויין האָט ער אונדז געגעבן אין זיינע לידער.

זיינען טאַקע סעגאַלאָוויטשעס לידער אַזויפיל געזונגען געוואָרן דורך דער יידישער יוגנט; זיינען „רייזעלע דעם שוחטס" און „קאָזשמיערזש" געוואָרן כמעט ווי פאָלקס־לי־דער, מיט וועלכע מאַמעס האָבן איינגעוויגט זייערע קינ־דער, — אַ מדרגה, צו וועלכער נאָר גרויסע דיכטער קענען קומען, צוריק ווערן אַנאָנים.

מ. קנאַפּהייס

## ראָמאַנטישער רעאַליזם

סעגאַלאָוויטש איז געקומען אין דער יידישער ליטעראַ־טור נאָך שלום אַשם ערדישער ראָמאַנטיק, נאָך נאָמבערגס ביטערן סקעפּטיציזם פון צעריסענע נשמות, ־נאָך ווייסענ־בערגס ברוטאַלן נאַטוראַליזם. ער האָט געבראַכט מיט זיך זיין אייגענעם באַפליגלטן ראָמאַנטישן רעאַליזם און זיך גע־הילט אין די זיבן שלייערן פון אומגעשטילטע בענקשאַפטן וואָס קאָנען דעם מענטש פאַרטראָגן אַזש העט אַרויף צו די הימלען.

ער איז אָבער שטענדיק געבליבן זיך אַליין געטריי און איז קיין מאָל ניט אַוועק פון זיך. ער האָט זיך אויך ניט געלאָזט אויף קיין אומבאַקאַנטע וועגן, כאָטש ער איז קיין מאָל ניט געגאַנגען אויף קיין אויסגעטראָטענע וועגן, אויסגעטראָטענע דורך אַנדערע. קיינער האָט אָבער אויך ניט געקאָנט מיטגיין מיט אים, האַלטן טריט מיט אים. ער האָט ניט געהאַט קיין נאָכפאָלגערס פון זיין שטייגער און דרך אין דער ליטעראַטור, ווייל ער איז געווען — ער, אַן אייביק פאַרהילטער און פאַרשפּינטער, אַ פאַרוועבטער אינעם „רויך פון אַ ליולקע". ער האָט זיך געהילט אין געדיכטן רויך וואָס צעגייט און צערינט אונטער די הענט, וואָס האָט ניט קיין האַפט. ניט איין מאָל האָט ער זיך געיאָגט נאָכן רויך פון אַ חלום, אַ פלירט, אַ ליבע, אַן אומבאַשטימט נאָגנדיק בענקשאַפט-געפיל, וואָס האָט ניט קיין נאָמען און צעגייט ווי אַ רויך, און גיי זיי אַ בריה און פעדעם איין אַ פאָדעם פון רויך בכדי אויסצואוועבן אַ זעלטן געוואַנט מיט אַזעלכע דורכזיכטיקע, לופטיקע געשטאַלטן, ווי „דעם וועבערס טאָכטער", צי „אַבטאָשאַ", „אַ פרוי אין קאַזאַרמע", „אַ מענטש מיט אַ גיטאַרע", „דאָס אַנאַרכיסטישע מיידל", „די ווילדע צילקע", „רייזעלע דעם שוחטס", און „גאָלדענע פאַוועס".

דאָס האָט בלויז ער, דער מייסטער-מכשף, ז. סעגאַלאָוויטש, געקענט באַווייזן. און דאָ ליגט אפשר דער שליסל צום רעטעניש פאַרוואָס ס'איז וועגן אים אַזוי ווייניק געשריבן געוואָרן. ער האָט זיך ניט אַריינגעפּאַסט אין דער טראַפאַרעטער ראַם פון דער דורכשניטלעכער קריטיק, וואָס האָט אים בשום-אופן ניט געקאָנט פאַרדייען, און דערפאַר זענען אַ סך ביכער זיינע, וואָס זענען געווען אַזוי דערפאָלגרייך ביים לייענער, געבליבן אָן אַן אָפּקלאַנג אין דער ליטעראַטור.

ער איז אַרומגעגאַנגען איבער דער וועלט מיט זיין אַליוון, אייביק-פאַרוואָלקנטן פּנים און ברוינע הירשן-אויגן,

וואָס ניט יעדער קאָן דערפון לייענען ווי פון אַן אָפן בוך אַרויס, וואָס ער זאָגט עס אַליין אין זיינס אַ ליד —

„רייכער, ליולקע, רויך געדיכטן
און פאַרשלייער מיין געזיכט...
אַז ס'זאָל קיינער ניט פאַרשטיין
צי איך לאַך היינט, צי איך וויין".

זיין עלעגאַנץ איז ניט געווען בלויז אַן אויסערלעכע, אַ געמאַכטע, ניט קיין אַרויפגעצוואונגענע אויף זיך, ניט קיין געקינצלטע, קיין קלאָונישע. זי האָט געשטאַמט פון אַן אי־נערלעכן באַדאַרף, פון אַן אינעווייניקסטן עסטעטישן גע־פיל. זי איז געווען נאַטירלעך ווי זיין גאַנצער אַרט לעבן, וואָס האָט ניט געוואוסט פון קיין פויזע, פון קיין אָפּשטעל. ביי זיין גאַנצער פרינציפּקייט האָט ער געלעבט אַ לעבן פון אַ באָהעם, אַ לעבן פון וואַלגערן זיך אין האָטעלן, בכדי ניט צו זיין צוגעבונדן באַלעבעסלדיק צו קליינינקייטן, קליינ־לעכקייטן און באַלעבאַטישקייטן. אַ פרייער פויגל, וואָס איז אָבער בלויז משועבד צו זיך, צו זיין שליחות, צו זיין לעבנס־מיסיע פון אַ שרייבער ביי יידן.

אַזוי איז סעגאַלאָוויטש געווען אין לעבן און אַזוי אין דער ליטעראַטור. צווישן לעבן און ליטעראַטור איז ניט גע־ווען קיין מחיצה, קיין סתירה. פונקט ווי זיין אייגן לעבן אַזוי האָבן זיינע נאָוועלן, ראָמאַנען און לידער פאַרמאָגט אין זיך דעם רייץ און הויך פון ניט־דערגרייכטע חלומות, פון אויסגעבענקטע וועלטן, וואָס מע קלעטערט צו זיי אַ גאַנץ לעבן, ניט ווערנדיק מיד צו קלעטערן.

דאָס איז אין תוך קיין איינזאַמער גאַנג. זיי גייען צו־זאַמען, זיי קלעטערן ביינאַנד — דער שרייבער־שעפער און דער לייענער־געניסער. צי וועט מען דערגיין? ניט וויכ־

טיק. דער וועג אהין איז שוין אז ער ווערט פאר זיך אליין — ציל און זין. און דאָס איז שוין גענוג אז ביידע זאָלן ניט מיד ווערן, ניט אָפּשטיין.

מלך ראַוויטש

## דער סענטימענטאַלער דיכטער

פונקט ווי יעדער שרייבער, האָט אויך דער רעקאָרד־פּאָפּולערער ז. סעגאַלאָוויטש גוטע ווערק און שלעכטע אין זיין לעבן אָנגעשריבן. אמאָל טרעפסטו ביי אים אַ סעריע גוטע לידער און באַלד דערויף אַ סעריע נישט פון די בעסטע נאָוועלן און ווידעראמאָל פאַרקערט אַ סעריע ליבע, טרויעריק־סענטימענטאַלע און מוזיקאַלישע נאָוועלן און אַ סעריע לידער, וואָס לאָזן ניט איבער קיין שום איינדרוק. אַזוי איז דאָך שוין די טבע פון דער וועלט, אַזוי איז — דער עיקר — די טבע פון די פּראָדוקטיווע שרייבער, פון די סאַמע גרעסטע ביז די לעצטע, און סעגאַלאָוויטש איז איינער פון די פּראָדוקטיווסטע און געלעזנסטע שרייבער אין דער יידישער ליטעראַטור. איך קען עס מיר אָפּט נישט דערקלערן, פאַרוואָס געדענקט אונדזער שרייבער־חבריה סעגאַלאָוויטשן דעם ערגערן טייל פון זיינע לידער, נאָוועלן און ראָמאַנען. אפשר נעמט זיך עס פון דער לעזער־קנאַפּקייט אין אונדזער ליטעראַטור; פילט זיך יעדער געקריוודעט פון דעם צווייטנס מזל און סעגאַלאָוויטש האָט דאָס גרעסטע שטיק מזל צווישן די לעזער פון דער יידישער ליטעראַטור. האָט ער טאַקע אַ סך קעגנער פון רעכטס און פון לינקס. קוים זיך אָפּגעווערט קעגן איין חברישן אָנפאַל, מוז מען זיך שוין פאַרטיידיקן פאַר אַ צווייטן. און סעגאַלאָוויטש ווערט זיך אויף אַ גאַנץ אייגנ־

אַרטיקן שטייגער, ער לאָזט אויס זיין כעס אַנאָנים אין זייַ־
נע לידער. פּלוצלינג דערשיינען אַ סעריע מיניאַטורן, אָדער
לידער אָן דעם געוואוינטן ביסל ליכט און פאַרביקייט און
קלאַנגיקייט — נאָר גרוי אין גרוי, פאַרצווייפלונג געקנופּט
מיט פאַרצווייפלונג... מיין ווייניקייט האָט קיינמאָל ניט
מיטגעמאַכט אָט די דאָזיקע אַנטיסעגאַלאָוויטש־קאַמפּאַניע
און דעריבער וועט בלייבן פאַר מיר אַן אייביקער סוד די
גאַנצע סעגאַלאָוויטש־קעגנערשאַפט. נאָר דער לעזער און די
לעזערין (סעגאַלאָוויטש האָט אפשר דריי מאָל אַזוי פיל לע־
זערינס ווי לעזער — און פאַר דעם קומט אים ממש אַ פּרע־
מיע מצד דער יידישער ליטעראַטור, דאָס איז אַ געזעלשאַפט־
לעך־ליטעראַרישער פאַרדינסט, וואָס דאַרף אַקצעפּטירט ווערן.
עס איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז דער שרייבער, וועמעס גרונט־
שטריך עס איז דער סענטימענט, זאָל האָבן מער לעזערינס ווי
לעזער) שטייען געטריי פאַר סעגאַלאָוויטשן — שטאָל און
אייזן. יעדע עפּנטלעכע פאַרלעזונג זיינע איז געפּאַקט, יע־
דע דערשיינונג פון אַ ניי בוך — אַ געשעעניש צווישן די
לעזער. אין די ביבליאָטעקן — און דאָס איז שוין אַן אַק־
סיאָמע כמעט — שטייט ער שטענדיק אויף דעם דריטן פּלאַץ
פון די מייסט־געלעזענע שרייבער. אויף דעם ערשטן אָרט
גייט אַש־פּרץ, אָדער פּרץ־אַש און ווייטער גייט סעגאַלאָ־
וויטש. יש אומרים, אַז עס איז נאָך גינסטיקער פאַר סעגאַ־
לאָוויטשן אָפט, נאָר צוליב פאַראַד שטעלט מען פּרץ און
אַש פריער. סעגאַלאָוויטש פּרעטענדירט ניט אויף אַ פּרץ־
אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור, ער איז גענוג באַשיידן
און גלייכצייטיק גענוג שטאָלץ צו זיין צופרידן מיט דעם אָרט,
וואָס די נאַטור פון זיין סובטילן טאַלאַנט האָט אים אָנגע־
וויזן צווישן די גוטע שרייבער פון אונדזער לשון. — — —

סעגאַלאָוויטש איז דער סענטימענטאַלסטער פון אַלע
סענטימענטאַלע פּאָעטן און פּראָזאַטאָרן פון דער יידישער
ליטעראַטור. נו איז וואָס? וואָס איז דען סענטימענט? ער
איז דער טוי פון די ביימער, דאָס ווייסע שפּינוועבס פון
האַרבסט, אַ טאַנצנדיקער פלעק נאָכמיטאָגזון אין אַ דאָרף־

שטוב, ווען דאָס יונגוואַרג איז אין וואַלד אַוועק. אַ ציטערנדיקער לבנה-ליכט-פּלאַם, די שטילע טרער אין אַ מענטשלעך אויג... סענטימענט איז דאָס דאָמינירנדיקע געפיל פון אַלע מענטשן, איידער די גרויסע לעבנס-געפילן קומען אָן. סענטימענט איז דאָס גרונטגעפיל פון אַלע דערוואַקסענע מענטשן, ווען די גרויסע גרונטגעפילן האָבן זיך אויסגעשטורעמט...

אמת איז, אַז דער סענטימענט איז, לויט דעם אויבנגעזאָגטן, דער לייכטסטער וועג צום לעזערס האַרץ. דער וועג פון לייכטסטן ווידערשטאַנד. אַ וועג אָן צוימען און אָן טירן, אָן מויערן, אָן היטער. שלעכט וואָלט עס געווען, ווען אַ שרייבער וואָלט דעם וועג ספּעציעל געזוכט, הגם ער איז ניט זיינער. ביי סעגאַלאָוויטשן איז דאָס אָבער ניט דער פאַל, זיין טאַלאַנט און זיינע קינסטלערישע מעגלעכקייטן האָבן אים אויף אַ נאַטירלעכן אופן געשטעלט אויף אָט דעם וועג. מען וואַרפט אים פאָר, אַז ער שרייבט אָן אָנשטרענגונג. ריכטיק. נאָר סעגאַלאָוויטשעס ווערק — דאָס איז דאָך איינאיינציקע, טויזנט מאָל וואַריאירטע פון טיפן האַרצן אַראָפּגערעדטע, בין השמשותדיקע ליבע-דערציילונג, אָפט מיט אַ זיפץ באַגלייט, אָפט מיט אַ טרער באַפייכט. און אַז מען רעדט זיך פון האַרצן אַראָפּ, פון האַרצן אַראָפּ — איז דאַן שוין אין אָט דעם פאָלקס-וואָרט אַנטהאַלטן די לייכטקייט פון שאַפן, דאָס זיך לייכטער מאַכן, אַראָפּוואַרפן אַ שטיין פון האַרץ. סעגאַלאָוויטש איז אין תוך אַ פּאָעט, אַפילו אין די דערציילערישסטע ראָמאַנען זיינע.

אונדזער סעגאַלאָוויטש איז ווייניק בילדעריש. דאָ וועט גאָרניט העלפן. בילד איז פאָרבאַדינג פון יעדער מין דיכטונג, סיי פון ליד און סיי פון פּראָזע. בילד איז דער צעמענט פון דער שרייבערישער בוי-אַרבעט. אָן דעם צעמענט צעפליען זיך די ציגל פון געדאַנקען און פאַבולע. און דאָך, ווען דו האָסט איבערגעלייענט סעגאַלאָוויטשעס אַ נאָוועלע, אָדער אַ סעריע לידער, בלייבט איבער דער איינדרוק פון בילד אין דיין אויג. דו קאָנטראָלירסט דיך אַליין: וואָס איז

דאָ אייגנטלעך געשען? קיין בילדער זענען דאָך ניט געַ־וועזן — איז פאַרוואָסזשע פיל איך בילדער? פאַרוואָס זע איך פאַרבן און פאַרוואָס הער איך קלאַנגען און פאַרוואָס איז געבליבן אַ צייכענונג אין מיין זכרון? פאַרוואָס זע איך פערזאָנען און פאַרוואָס האָב איך ערשט געזען לאַנדשאַפטן? אָט איז אין אַ געוויסן זינען איין סוד מער פון סעגאַלאָ־וויטשעס שרייבער־קונסט, ער איז אַן אימפּרעסיאָניסט. פאַרבן אַן שאַרפע קאָנטורן. ער איז פאַרביק, הגם ניט גענוג בולט בילדעריש. פאַרבן אויף דעם אָרט פון בילדער, און זיי פאַר־טרעטן זייער אָרט אויף אַ געהעריקן אופן.

ווער זיינען סעגאַלאָוויטשעס העלדן? קודם־כל ער אַליין און דערנאָך זיין קעגנער, זיין אייביקער און אָפט אַפילו אומ־זיכטבאַרער קעגנער. און זאָל אייך ניט אַרן, וואָס דער דאָ־זיקער קעגנער האָט אַלעמאָל אַנדערע נעמען און נעמט אַלע־מאָל אַן אַנדערע געשטאַלטן, איז אַלעמאָל פון אַנדערן על־טער. דאָס איז שטענדיק איין און דער זילביקער שונא, וואָס וויל דעם סענטימענטאַלן דיכטער ניט פאַרשטיין. אַמאָל איז עס די פערזאָניפיצירטע אומפּאַטישע וועלט, אַמאָל די איי־ביק דעם דיכטער ניט פאַרשטייענדיקע פרוי. אַזוי איז דאָך שוין דאָס מזל פון די אין תוך גענומען אייביק איינזאַמע. זיי קענען קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען ווערן. —

סעגאַלאָוויטשעס אייביקער מאָטיוו איז ליבע און פריינד־שאַפט. עס איז ניט די שטורעמדיקע ליבע פון מענטש צו וועלט, פון איינעם צו אַלע, נאָר שטענדיק ליבע און פריינד־שאַפט (אָדער פיינטשאַפט) פון איינעם, ווייל די גאַנצע וועלט פון אַ — אין טיפן תוך ניט סאָציאַל איינגעשטעלטן דיכטער — איז אייגער, ער אַליין, העכסטנס צוויי, ער און זיין פריינד, אָדער ער און זיין קעגנער.

זאָג איך דאָס אַלץ דאָ ווי אַ פאַרוואורף? ניין, נאָר

ווי אַ פעסטשטעלונג פון אַ פאַקט. סוף־כל־סוף איז דאָך אַ האַלבע וועלט־ליטעראַטור אַזוי — אינדיווידואַליסטיש איינגעשטעלט.

י. ראַפּאָפּאָרט

## עכטע באַציאונג צו וועלט און מענטש

לויט דעם **כמות** מאַכט סעגאַלאָוויטשעס דיכטונג אויס אפשר קוים אַ צוואַנציקסטל פון סעגאַלאָוויטשעס **סכום** געדרוקטע בויגנס; אָבער לויטן **איכות** איז סעגאַלאָוויטשעס דיכטונג די ווערטפולסטע טייל פון זיין שאַפן.

איך וויל דערמיט לחלוטין נישט זאָגן, אַז צווישן די זייער שלעכטע פּראָזע־ביכער, וואָס סעגאַלאָוויטש האָט געשריבן, געפינען זיך נישט אויך ווייניקער שלעכטע אָדער אפילו גוטע נאָוועלן אָדער קאַפּיטלען. אָבער איך וויל דערמיט זאָגן, אַז קרעאַטיווע קראַפט און אָרגאַנישע גאַנצקייט פיל איך נאָר אין די בעסערע דיכטונגען סעגאַלאָוויטשעס, צי דאָס איז די פּאָעמע „קאָזשימיעזש", צי „רייזעלע דעם שוחטס", צי דער פּאָעמעס־ציקל וועגן חורבן פוילן „דאָרט" אָדער „נישטאָ", צי אַ גערעטעטע „שורות אמת".

סעגאַלאָוויטש איז געווען אַ דיכטער, און זיין פולן דיכטערישן אויסדרוק האָט ער געפונען אין דיכטונג, אין געזאַנג, אין לירישן ניגון. אין דער דאָזיקער דיכטונג זעען מיר אויך זיין דיכטערישע געשטאַלט, מיר שפּירן זי דאָרט אין איר גאַנצקייט.

אין איין געלונגענעם אמת־שורותדיקן ליד קען סעגאַ־

לאַוויטשעס מהות, זיין עכטע באַציאונג צו דער וועלט און צום מענטשן, זיינע איבערלעבענישן געפינען אַ פולבֿרוס־טיקערן אויסדרוק ווי אין אַ ראָמאַן פון 300 זייטן אָדער ווי אין אַ נאָוועלע.

און דאָס וואָס איז טיפּיש און ווערטפול פאַר אַ שריי־בערישער פערזענלעכקייט, איז אויך ווערטפול פאַר דער ליטעראַטור.

ז. סעגאַלאָוויטש האָט געהאַט אַ סך לעזערס, און ער האָט שטאַרק באַאיינפלוסט זייער ליטעראַרישן געשמאַק; אָבער נאָך מיין טיפסטער איבערצייגונג — באַאיינפלוסט צום שלעכטן. ער האָט דעם לעזער פאַרוויגט מיט סענטי־מענטאַלע טענער, ניט געוועקט ביי אים דאָס טיפערע, נישט געריסן אים אין דער הויך, — ער האָט דעם לייענער מער געקיצלט עמאָציאָנעל, ווי אויפגעטרייסלט. אָבער די ליטע־ראַטור האָט ער באַאיינפלוסט נאָר מיט זיינע לידער. נישט אין אַזאַ מאָס ווי קולבאַק, מאַנגער, משה לייב האַלפּערן און אַנדערע; אָבער ער האָט אַ חלק אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער דיכטונג, פון יידישן פערז, — ער האָט ניט נאָר געשריבן דיכטונג, — ער האָט געלאָזט זיין שפור אין דער יידישער דיכטונג.

ער איז ניט אַזוי טיף ווי באַריישאַ איז דאָס אָפט, ווי לייוויק איז דאָס אָפט. ער רודערט ניט אויף אַזוי שטאַרק עמאָציאָנעל, ווי קולבאַק און מאַנגער, — אָבער זיין „קאָזש־מיעזש" איז בשעתו געווען אַ נייעס אין דער יידישער דיכ־טונג, וואָס איר פערז גלאַנצט און פליסט ווי די וויסל־כוואַליעס אין אַ לבנה־נאַכט, וואָס איר ריטעם איז — עכטער געזאַנג, וואָס אירע בילדער זיינען פריש און לעבעדיק, וואָס איר אינהאַלט איז דעם דיכטערס אַן עכטע איבערלעבונג, געפורעמט מיט מאָס און פיינעם געשמאַק.

איך האָב זייער זעלטן הנאה געהאַט פון סעגאַלאָווי־טשעס פראָזע, — פאַרקערט, זי פלעגט מיך אָפט אויפרעגן,

דערעסן, גלייכגילטיק לאָזן, אָבער איך האָב זייער זעלטן ניט געזעהן פון סעגאַלאָוויטשעס דיכטונג.

„רייזעלע דעם שוחטס" פלעג איך לייען און דעקלאַמירן (פאַר זיך אַליין) גאַנץ אָפט אין דער יוגנט; „קאַזשמיעזש" געפעלט מיר נאָך היינט אויך; „שורות אַכט" זיינען זעלטן פוסט, — עפּעס אַן עכט דיכטעריש בילד, אַ דיכטערישן סימבאָל פאַרמאָגן זיי תמיד אין זיך, און זיי לאָזן תמיד איבער אַ לירישע שטימונג.

און דערצו זיינען זיינע דיכטערישע מיטלען נישט ראַפינירט, נאָר פּשוט, און דאָס איז אויך איינע פון די מעלות פון סעגאַלאָוויטשעס דיכטונג, — די פאָרעם איז אומימיטלבאַר, ניט פּרעטענציעז, ווי דער אינהאַלט, — עס איז ניטאָ קיין דיספּראָפּאָרץ צווישן פאָרעם און אינהאַלט, דאָס הייסט זיין דיכטונג פאַרמאָגט איר אייגענע שלימות. זי איז ערלעך.

אָט די אַלע מעלות פאַרמאָגן אויך זיינע פּאָעמעס „דאָרט".
און דאָ קומט נאָך צו דאָס וואָס די איבערלעבונג איז דאָ שטאַרק און טיף, און דער גורם פון דער איבערלעבונג ביז גאָר באַדייטנדיק, ריזיק גרויס, דערשיטערנדיק, און במילא זיינען די דאָזיקע פּאָעמעס נישט דער ערך גרעסער און „אייביקער" פאַר די פריערדיקע.

אויך דאָ — לאָמיר נעמען איין ביישפּיל — זינגט סעגאַלאָוויטש וועגן קאָזשמיעזש. אָבער דאָ איז שוין קאָזשמיעזש באַלויכטן ניט נאָר מיט סעגאַלאָוויטשעס פּערזענלעכן ליבע־ אָדער הארבסט־טרויער, נאָר מיטן טרויער פון פאַרגיין, וואָס מע קאָן אים מיט קיין ווערטער ניט אויסדריקן. דאָ פלעכטן זיך די דערינערונגען פון קאָזשמיעזשס „זיין" מיט די דערינערונגען פון קאָזשמיעזשס פאַרגיין, — און קאָזשמיעזש איז דאָ נאָר אַ סימבאָל פאַר אַ לעבן פון אַ גאַנץ פאָלק און פאַרן פאַרגיין פון אַ גאַנץ פאָלק.

ווערן דעריבער די דאָזיקע געזאַנגען מיט רעכט באַטראַכט ווי סעגאַלאָוויטשעס בעסטע און גרעסטע ווערק;

אָבער די מעלות פון די דאָזיקע פּאָעמעס זיינען שוין אַלע דאָ — און אין דער בולטסטער פאָרעם — אין זיין פריער־דיקער דיכטונג.

דאָס זיינען פּאָעמעס פון לירישן שמערץ־אויסדרוק, פון לירישע דערינערונגען, וואָס אי דער דיכטער טוליעט זיי מיט ליבע צום הארצן, אי זיי ווערגן דעם דיכטער אין שלאָפלאָזע נעכט און טרוימפולע טעג.

גרשון פּאָמעראַנץ

## פון „די ווילדע צילקע" ביז — דעם מקונן אויף אונדזער גרויסן פאָלקס־חורבן

עס זיינען געווען אַזעלכע מבינים־דעה־זאָגער אויף דעם יידיש־ליטעראַרישן יריד, וואָס האָבן פּרובירט געבן אַ זייער שנעלן ענטפער אויף דער גרויסער הצלחה פון ז. סעגאַלאָוויטש. זיי האָבן געוואָלט אים פאַרוויגן אין אַ סדום־וויגעלע פון — שונד. זיי האָבן פאַרגעסן, אַז מיט אַזאַ באַצייכענונג האָבן זיי מוציא־שם־רע געווען אויפן יידישן לייענער. נישט קאָנענדיק געפינען קיין באַצייכענונג פאַר דעם אייגנאַרטיקן סעגאַלאָוויטש־נוסח, האָבן זיי געוואָלט יוצא זיין מיט אַ שאַבלאָנעם ענטפער. איי, עס איז אין סעגאַלאָוויטשעס ביכער נישטאָ קיין סימן פון קיין זנות, פון קיין נבול־פה, פון אויסגעלאַסנקייט? דאָס האָט זיי נישט געאַרט. דער בלויזער דערפאָלג אַליין האָט זיי געפירט צו דער מסקנא פון — שונד, אַנדערש וואָלט דאָך דאָס יידיש פּוילן געלייענט מער אַנדערע יידישע שרייבער, וואָס זייערע ביכער שטייען אונטער דער שכינה פון — קונסט?

איז טאַקע מעגלעך, אַז פון אַלע „פאָלקס-אוניווערסי-טעטן", וואָס סעגאַלאָוויטש איז דורכגעגאַנגען, זאָל אים מער נישט האָבן געבליבן ווי די „מעשׂות", די אויסטערלישע געשיכטעס פון מענטשן, וואָס לעבן אין תמידיקער איינזאַמקייט, אייפערזוכט; צעבראָכענע לעבנס און צעשפּליטערטע ליבעס איבער צעשטורעמטע ימען? איז טאַקע מעגלעך געווען, אַז די ימי-פּרץ, דער גאַנצער דרך פון דער יידישער ליטעראַטור אין די יאָרן פאַרן און נאָכן ערשטן וועלט-קריג; דער אויפקום פון דער יידישער ליטעראַטור און קול-טור-לעבן נאָך דעם קריג זאָל נישט אָנרירן סעגאַלאָוויטשן? אָדער, האָט ער בכיוון אויסגעקליבן זיין וועג און בכוונה געמאַכט זיין אופן שרייבן פאַר אַ נייעם נוסח, וואָס האָט נישט קיין שום גלייכן? האָט ער נישט אַמאָל געוואָלט מיט זיין נוסח און אופן שרייבן ווערן דער בן-יחיד, וואו מען זאָל אים אומעטום און שטענדיק דערקאָנען? האָט ער לכתחילה געוואוסט, אַז די יידישע שטעט און שטעטלעך, וועלן זיך איינקלאַמערן אין די „מעשׂיות" פון די „קרימער נעכט", וועלן מיטגעריסן ווערן מיט די כוואַליעס, וואָס קלאַפּן הינ-טער די פענצטער פון די פּענסיאָנאַטן און — מיטוויינען אויף דעם גורל פון די עלנטע און פאַראיינזאַמטע, וואָס זייַנען אַהין געקומען זיך געזעגענען מיט זייער לעבן? האָט ער געוואוסט, אַז די בחורים און מיידלעך אין די פאַרחושכטע יידישע שטעט-און-שטעטלעך, וועלן אויך פול ווערן מיט דער שפּאַנונג, מיט די דערוואַרטונגען פון די מענטשן אין זיינע נאָוועלעס און — וועלן אַליין אָנהייבן לעבן אין גרוים גע-שפּאַנטקייט און דערוואַרטונג? אָדער — איז דאָס אַלץ געקומען צו אים בלא-יודעים, אַליין זיך נישט אָפּגעבנדיק קיין שום חשבון און — נישט מאַכנדיק זיך וויסנדיק, אַז ער לעבט אין אויסגעטראַכטע וועלטן, אויסגעחלומטע הימלען און — פאַפּירענע העלדן, וואָס דרייען זיך אַרום סתם אין דער וועלט, אָן אַ ציל און אָן אָן אויסוועג?

עס איז נישט קיין שום ספק, אַז זוסמאַן סעגאַלאָוויטש האָט נישט זוכה געווען צו ווערן באַשאַנקען מיט — הומאָר,

וואָס אַ שרייבער דאַרף עס האָבן ווי ער דאַרף זיין לעבן. ווי אין זיינע ביכער, אַזוי איז ער געווען אין זיין לעבן. עס איז קיינמאָל קיין שמייכל נישט געווען אויף זיין פּנים. זעלטן־זעלטן ווען האָט זיך זיין פּנים געענדערט. תמיד — פאַר־כמורעט. שטענדיק, ווי ער וואָלט געווען פאַרטאָן אין שווע־רע פילאָזאָפישע שיטות. אין דער גאַנצער מרה־שחורה איז ער אָבער געווען שטענדיק אַן אויפגערוימטער, אַן אויסגע־פוצטער. זיין הלבשה האָט ער געמאַכט ביי די בעסטע וואַרשעווער שניידער. אַלץ אויף אים האָט געבלאַנקט. עס איז נישט געווען קיין באַרימען זיך, ניין. אַזוי איז ער גע־ווען. ער איז געווען אַ גוטער. שטענדיק גרייט וועמען עס איז מיט עפּעס צו העלפן. זיין בעסטער חבר איז געווען: הערשעלע, וואָס איז געווען פּונקט דער היפּוך פון אים.

סעגאַלאָוויטש האָט מיט קיינעם נישט געפירט קיין מלחמות. נישט געזאָגט קיין מיינונגען. עס האָט זיך גע־קאָנט אויסדאַכטן, אַז עס גייט אים נישט אָן. ניין. עס איז אים יאָ אָנגעגאַנגען. כאָטש ער האָט געוואוסט, אַז די „כאַ־ליאַסטרע־יידן" האַלטן זייער ווייניק פון זיינע לידער, פון זיין פּראָזע, אַ סימן: זיי האָבן אים נאָך קיינמאָל נישט פאַר־בעטן ער זאָל זיך באַטייליקן אין זייערע אויסגאַבעס. אָבער — ער האָט נישט געהאַט צו זיי קיין שנאה. פאַרקערט. ער וואָלט זיי געוואָלט העלפן. ער האָט געוואוסט, אַז זיי זיינען אין אַ שטענדיקן דעפיציט און — דאַרפן הילף. ביי דער מסיבה אין דעם הויז פון אשר פערלמאַן, דעם גרינדער פון דער פאָלקס־פּאַרטיי, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין ביראָ־בידזשאַן — און געפאַלן אַ קרבן פונעם „קולט", — איז אויך געווען נח פּרילוצקי, יוסף פערלמאַן — גע־שטאָרבן איצט אין תל־אביב, נתן שוואַלבע, נאָמבערג. ביי דער דאָזיקער מסיבה האָט מיר בפירוש ז. סעגאַ־לאָוויטש געזאָגט: גייט, זאָגט „זיי", אַז איך וועל דעקן זייער גאַנצן דעפיציט. נאָמבערג האָט נישט געהייסן. דאָס איז שוין געווען נאָך דעם באַרימטן מאַרקיש־טראַקטאַט: „ניין, אייביק געמיינזאַם", וואו ער האָט אַטאַקירט סעגאַלאָוויטשן

פאַר זיין „אייביק איינזאַם". סעגאַלאָוויטש האָט דעמאָלט געענטפערט זיין באַרימטע תשובה: פערד גייען שטענדיק אין מיטן גאַס — געמיינזאַם; מענטשן אויף דעם טראָטואַר — איינזאַם.

ער האָט ליב געהאַט אהבת־נפש אַלע זיינע מענטשן, וואָס ער האָט באַשריבן. עס איז אים געווען זייער שווער צו פאַרנעמען פּראָבלעמען. צו־וואָס דאַרף ער זיך מאַכן שווער, ווען אַלץ אַרום אים איז אַזוי לייכט, גרינג און — שיין, פול מיט געזאַנג, מיט ליבע.

עס האָט אים געצויגן אין די יידישע שטעט און שטעט־לעך. ער האָט געוואוסט, אַז „דאָרט" איז דאָ זיין לייענער; אַז דאָרט נעמט מען אים אויף מיט ליבשאַפט און — ער איז נאָענט צו זיינע אויסגעחלומטע, צאַפּלדיקע העלדן פון זיינע ביכער.

אוודאי האָט ער אין די שטעטלעך זיין „ווילדע צילקע" נישט געטראָפן, ער האָט אויך זיך נישט אָנגעטראָפן מיט זיין „אַנאַרכיסטיש מיידל", נישט מיט די אַנדערע העלדן פון זיינע נאָוועלעס און זייבע ראָמאַנען. אָבער — אים האָט געוואַרעמט די דאַנקשאַפט, וואָס די יידישע יוגנט האָט אים באַדאַנקט פאַר דער הנאה, וואָס ער האָט זיי געגעבן מיט זיינע „מעשיות".

ער האָט מיר אַמאָל דערציילט, נאָך אַ יאַזדע אין אַ שטעטל, וואָס איך האָב זייער גוט געקענט, אַז נאָך זיין דרשה האָט זיך דער גרויסער עולם געבעטן: לידער, לי־דער! קיין זינגער בין איך דאָך נישט, האָט ער מיר געזאָגט, האָב איך זיי געבעטן: זינגט איר, איך וועל אייך צוהעלפן. האָט דער גאַנצער עולם זיך צעזונגען „שיין איז רייזעלע דעם שוחטס", אַזוי זינגענדיק אַרויס אין גאַס און — זיך צע־טאַנצט אַרום דעם ברונעם, וואָס אין מיטן מאַרק. שעהען האָט עס געדויערט. קיינער איז נישט מיד געוואָרן, קיינער נישט, אַלץ האָט געטאַנצט. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך אויפגעכאַפּט און — אַ געזאַנג איז אויפגעגאַנגען צום הימל.

אַן פּראָבלעמען, מיט זייער וויניק קינסטלערישע דרכים, אַט־אַזוי־אַ, פּראָסט און פּשוט, האָט סעגאַלאָוויטש דערציילט „מעשיות" פאַר אַ דור, וואָס איז געווען פאַרוויקלט אין אַזעלכע גרויסע מרידות, אויף דעם בראָך־שטול פון אַזוי פיל גאולות, פון אַזוי פיל בגידות אין די סאַמע יסודות פון דעם ווערט פון — מענטש, דער דור האָט זיך אָפּגעשטעלט און — געוואָלט די דאָזיקע צאַפּלדיקע „מעשיות" הערן.

טאָ וועמען האָט געקאָנט איינפאַלן, ווער האָט זיך גע־קאָנט ריכטן, אַז דער גורל, דער וויסטער יידישער גורל, וועט אַרויפוואַרפן אויף די אַקסלען פון דעם יידישן פאָלקס־זינ־גער, דאָס מאַנטל פון דעם גרויסן פאָלקס־מקונן, וואָס זאָל ברענגען אין אונדזער לעבן דעם זאַק מיט געשריי פון אונ־דזער גרויסן פאָלקס־חורבן; וואָס זאָל אַריינוויינען אין אונדז די גרויסע בכיה פון אַ פאָלק, וואָס האָט געברענט אין די קאַלכאויוונס; וואָס איז אַזוי פאַרשעמט געוואָרן און — דער הימל, די זון, די לבנה, די שטערן, האָבן צוגעזען און — געשוויגן.

יאָ, וועמען האָט עס געקאָנט איינפאַלן, ווער האָט זיך אויף דעם געקאָנט ריכטן?

בשעת מיר זאָגן מיט סעגאַלאָוויטשן זיינע קינות פּירט ער אונדז איבער אונדזערע יידישע היימען, די פאַרוויסטע און — עס גייט ווידער־אויף אין אונדז די גרויסע ליבע צו די יידן, וואָס האָבן דור־דורות געלעבט אויף דער פוילישער ערד; עס ווערן לעבעדיק פאַר אונדז די מיליאָנען יידישע נפשות, וואָס זיינען דערשטיקט געוואָרן אין דער אכזריות־דיקער שרפה. ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, וועמען האָט געקאָנט איינפאַלן, אַז דער יידישער פאָלקס־זינגער, וואָס האָט געלעבט, געאָטעמט מיט די פוילישע יידן, זאָל אָפּגעהיט ווערן

פון אומקום, זאָל אין זיין גרויסן נע־ונד זיך דערשלעפּן צו די בערג פון יהודה, דאָרט זיך נעמען בינדן זיינע וואונדן און — זיך צעיאָמערן מיט אַזאַ געקלאָג, וואָס זאָל אונדז צע־ברעכן; זאָל אונדז צערייסן אין אייביקער קריעה; זאָל אונדז צוריקפירן צו די שוועלן פון אונדזערע יידישע היימען, זיך דאָרט אַוועקזעצן און — קלאָגן, קלאָגן.

עס ציט זיך אַ רויטער פאָדעם פון סעגאַלאָוויטש דעם **באַזינגער** און — סעגאַלאָוויטש, דעם — **באַקלאָגער**. עס איז דאָ אַ שייכות, אַ גאָר גרויסע שייכות.

# אינהאַלט:



## קליינע אַנטאָלאָגיע



דוד פרישמאַן, ז. סעגאַלאָוויטש און ח. נ. ביאַליק

(פאָטאָגראַפירט אין אָדעס אין יאָר 1916)



ביי אַ טישל אויף טלאָמאַצקע 13: יאַנקעלע דאַנציגער, מאַרק טורקאָוו, ז. סעגאַלאָוויטש




ז. סעגאַלאָוויטשעס מצבה אויפן אַרבעטער־רינג בית־עולם



Photograph by Melissa Sherman

ח. ש. קאַזדאַן

אַרבעטער־רינג־היים 1978